NOAH E. COTSEN LIBRARY OF
YIDDISH CHILDREN'S LITERATURE

STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY
NO. 10606

# ARBETSBUKH FAR YIDISH IN MITLSHUL

Yudel Mark



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

N250



## יודל מאַרק

# [illegible]

### פאַר

## ייִדיש

### אין

## מיטלשול



ISBN:0-657-10606-2

3709



י. מארק

# ארבעטסבוך

## פאר ייִדישע
## אין מיטלשולן

### בוך 1 ערשטער טייל

Copyright 1939
By Educational Dept. Workmen's Circle

-------------

ס'איז פאַרבאָטן איבערצודרוקן אָדער איבערצו־
מימיאָגראַפירן גאַנצע זייטן אָדער אויסצוגן.

# אריינפיר

## וואָס מיר זײַנען מיר, אָבער פריילעך זײַנען מיר!

גענימונג 1.

א) לאָמיר אלע אין איינעם, אין איינעם די מיטלשול מקבל פנים זײַן!
לאָמיר אלע אין איינעם, אין איינעם לוסטיק און פריילעך זײַן!

וועמען נאָך זאָלן מיר מקבל פנים זײַן?
וואָס נאָך זאָלן מיר מקבל פנים זײַן?

ב) ווער וויל וואָס זאָגן וועגן די ערשטע איינדרוקן פון דער מיטלשול?

ג) איר זײַט איצט שילערס אָדער תלמידים פון מיטלשול. שילערס אָדער תלמידים קען מען זאָגן וועגן אלע שילערס, סיי יינגלעך סיי מיידלעך. שילערס אָדער תלמידים מוז מען זאָגן, ווען מען האָט אין זינען נאָר די יינגלעך. ווי מוז מען זאָגן, ווען מען האָט אין זינען נאָר די מיידלעך?

שילערינס, תלמידות.

הייסט עס:

1. א יינגל איז א שילער, א מיידל איז א ..............
2. א יינגל איז תלמיד, א מיידל איז א ..............
3. יינגלעך זײַנען שילערס, מיידלעך זײַנען ..............
4. יינגלעך זײַנען תלמידים, מיידלעך זײַנען ..............
5. יינגלעך און מיידלעך זײַנען ..............אָדער

................

פאַרמעסטונגען

גענימונג 2.

מיר קענען זיך נאָך ניט גוט. דאַרף מען זיך נעענטער באַקענען. לאָמיר זשע דורכפירן א פּאָר פאַרמעסטונגען.

1. ווער קען אויף אויסווייניק מער יידישע לידער?

2. ווער קען אנרופן נעמען פון יידישע ביכער וואס ער (אדער זי) האט געלייענט? ווער וועט דא אנרופן די גרעסטע צאל ביכער?

3. ווער וועט דער בעסטער דערציילן עפעס אן אינטערעסאנטן עפיזאד (פון א בוך, פון געשיכטע, פון אייגענעם לעבן, געהערט דערציילן אין שטוב)?

## א קאלעקטיווע קאמפאזיציע

גענישונג 3.

לאמיר צונויפשטעלן א קאלעקטיווע קאמפאזיציע אויף דער טעמע "זומער-לעבן!" ס'איז מיט אן אויסרוף-צייכן. מיר דארפן דא באשרייבן פארגעניגנס, איבערגעבן די פרייד פון זומער-לעבן. יעדערער פון אייך וועט אין דער היים צוגרייטן נאר איין איינציקן פאראגראף פון 3-4 זאצן. דארף יעדערער זען, אז זיין פאראגראף זאל זיין א שיינער און זאל קורץ איבערגעבן די פארגעניגנס, די פרייד וואס ער האט אליין געהאט. אייך צו מאכן גרינגער, לאמיר זיך דערמאנען וועגן פארשיידענע מיניס פארגעניגנס אין דער פרייער זומערצייט:

1. די פארגעניגנס פון לעבן אין קעמפ,

2. די פארגעניגנס פון לעבן אין דארף,

3. די פארגעניגנס פון לייענען א סך ביכער,

4. די פארגעניגנס פון ארומגיין ליידיק,

5. די פארגעניגנס פון זומער אין שטאט,

6. די פארגעניגנס פון פארברענגען ביים ברעג ים,

7. די פארגעניגנס פון ארומפארן,

8. די פארגעניגנס פון שפילן זיך א גאנצן טאג,

9. די פארגעניגנס פון לאנגע שפאצירן,

10. די פארגעניגנס פון.........(קלערט נאך עפעס צו!)

- -
-

דאס קומעדיקע מאל וועלן מיר אויסקלייבן די שענסטע פאראגראפן וועגן די פארשיידענע פארגעניגנס, און דעם אנהייב און דעם סוף וועלן מיר בשותפות צונויפשטעלן.

## ווער קען שטעלן פראגעס?

גענישונג 4.

דער וואס פרעגט ניט וועט קיין מאל ניט וויסן! אבער פון סתם פרעגן ווערט מען א נודניק. לאמיר זען וואסערע פראגעס וועט איר שטעלן:

1. איערן א חבר וואס האט זומערצייט געמאכט א גרויסע רייזע מיט א שיף.
2. אן אלטינקן יידן וואס איז שוין געווארן אכציק יאר.
3. א בארימטן פליער וואס איז אריבערגעפלויגן דעם אטלאנטישן אקעאן.
4. א יידן וואס האט זיך ארויסגעראטעוועט פון א נאצישן קאנצענטראציע-לאגער.
5. איער באליבטן בעיזבאל-שפילער.
6. א פייער-לעשער וואס האט ארויסגעראטעוועט א קינד פון א ברענענדיקן הויז.
7. א הימלאזן וואס שלאפט די נעכט אין פארק אונטערן פרייען הימל.
8. א וועטעראן פון דער וועלט-מלחמה.
9. א יינגל, א „בלינדן פאסאזשיר" אויף א גרויסער שיף וואס פארט פון איראפע קיין אמעריקע.
10. א בארימטן קינא-אקטיאר.

- -
-

ס'לוינט זיך צו מאכן א שריפטלעכע רשימה פון פראגעס. מע קען נאך דעם איינטיילן דעם קלאס אין צוויי גרופעס און זען וואסער גרופע וועט אויסקלייבן די בעסטע 3 פראגעס פאר יעדער איינעם פון די אויסגערעכנטע פערזאנען. שפעטער קען מען זיך פארמעסטן אין ענטפערן אויף די פראגעס.

## א משל קעגן א טאַרבע פלעקער

גענימונג 5.

אזוי זאָגט מען, ווען עמעצער ברענגט א משל וואָס פאַסט זיך גאָר-נים ארײַן, א גלײַכעניש וואָס איז גאָר קײַן גלײַכעניש נים. אָבער... אז מע וויל קען מען געפינען ענלעכקײַט און גלײַכענישן צווישן זאכן וואָס זײַנען באמת גאָר ווײַט אײנע פון דער אנדערער. עס איז נײַטיק א ביסל שאַרפזיניקײַט, א פלינק קעפּל - און מע געפינט א שטיקל ענלעכקײַט, א גלײַכעניש. פאַרשטײַט זיך אז עס איז נים מער ווי א חכמהלע. אָבער אמוזאַנט איז עס.

משהלע מזיק האָט געקענט שטענדיק געפינען אין די ווײַטסטע זאכן א שטיקל גלײַכעניש. גיט מען אים א פרעג:

- בולבע און שטײַנקוילן: מיט וואָס זײַנען זײ גלײַך?
- בײדע זאכן גראָבט מען ארויס פון דער ערד.
- נו, גוט. א רעגן-שירעם און א וואָלקן-קראַצער מיט וואָס זײַנען זײ גלײַך?
- בײדע זאכן ווערן צום טײל געמאַכט פון שטאָל.
- א בריהן און איצט - א חזן און א חשבון: מיט וואָס זײַנען זײ גלײַך?
- בײדע הײבן זיך אָן מיט א חיתן

מען האָט דעם חברה-מאַן נים געקענט פּאַקן. אלע מאָל האָט ער געפונען א גלײַכעניש. לאָמיר אויך פּרוּוון געפינען אזעלכע גלײַכענישן צווישן:

1. א זײגער און א טאַשנטיכל.
2. א בוים און א פּאָסטמאַרקע.
3. א זעגלשיפל און א טיש.
4. קעז און קאַלך.
5. א בעזעם און א האַנטעך.
6. א פיש און אַן עראָפּלאַן.
7. א ווינט און א באַן.
8. א מענטש און א סטאָליער.
9. רעגן און מילך.

10. א זייגער און א פּוסגייער.
11. שיף און א רימען.
12. א בלאַט און אַן אימיגראַנט.
13. א שאָכברעט און א זעברע.
14. ראָזינקעס און רויך.
15. א בוך און א בוים.
16. א טיר און א קינד.
17. א שפּיגל און א קאַלענדער.
18. אַן אויטאָ און א קאַמין.
19. א הונט און א שליסל.
20. א קו און א גומיבוים.

(קאלך איז chalk, פּאָסט־מאַרקע postage-stamp, stamp,
בולבע - potato, זעברע - zebra, זעגלשיפל - sailer,
sailing-ship, שאָכברעט - chessboard, גומיבוים - rubber
tree. וואָסערע נאך ווערטער ווייסט איר דאָ ניט?)

- -
-

קלערט אליין צו ענלעכע אָדער בעסערע פאַרלעך אויף צו געפינען
גלייכענישן.

<u>אין איין זאַץ!</u>

<u>געניטונג 6</u>.

א) פּרואווט אין איין <u>אויסרופזאַץ</u> (א זאַץ וואָס האָט אין זיך אַן
אויסרוף, ענדיקט זיך מיט אַן <u>אויסרוף־צייכן</u>) אויסדריקן די
לאַגע און אייער באַציאונג צו דער לאַגע.

איר זעט ווי:

1. א קליין <u>עופעלע</u> גייט איבער דער גאַס און אַ קומט אַן אַן אויטאָ.
2. א פענצטער־פוצער פוצט א פענצטער גאָר הויך, אויף א
צענטן, צוועלפטן <u>עטאַזש</u>.
3. א <u>מאַלפּע</u> האָט ארויסגעשטעקט איר <u>לאַפּע</u> פון <u>שטייג</u>.
4. אַן אַלטינקע שטייט ביים ראַנד פון <u>טראָטואַר</u> און <u>בריק</u> און
האָט מורא אליין אריבערצוגיין די גאַס.
5. א בלינדער אָנפיסיקער בעטלער שאַרט זיך איבערן טראָטואַר
און זיין הונט איז לעבן אים.
6. (איר שטייט אויף א דאַך פון א הויכן הויז און זעט) די
שטאָט, א טייך מיט א בריק פון ווייטן.

- -
-

איר האָט געהערט דערציילן ווי:

1. א קליין יינגעלע פון א פּויער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד
און מען האָט אים ארומגעזוכט צוויי <u>מעת־לעת</u>.
2. מען האָט געכאַפּט צוויי רויבערס, בעת זיי האָבן געפּרואווט
באַרויבן א באַנק.
3. יידן לעבן איצט אין היטלער־דייטשלאַנד.

4. מע פלעגט אין צארישן רוסלאנד מאכן געהײמע פארזאמלונגען אין װעלדער.
5. אײערער א חבר ליגט שױן א גאנצע װאָך אין בעט װײל ער איז ערנסט קראנק.
6. װי העלדיש די שפאנישע לאָיאליסטן האָבן געפרואװט זיך פארטײדיקן קעגן די פאַשיסטן.

- -
-

ב) װאָס דאָס איז זאץ װײסט איר. מיר האָבן פריער געהאט צו טאָן מיט פראגעס. א זאץ װאָס האָט אין זיך א פראגע און ענדיקט זיך מיט א פרעגצײכן איז א פרעגזאץ. איצט האָבן מיר געהאט אױסרופזאצן. און א זאץ װאָס דערצײלט עפּעס איז א דערצײלזאץ.

הײסט עס, עס זײנען פאראן דרײ מינים זאצן:

דערצײלזאץ -- פרעגזאץ -- אױסרופזאץ

טראכט צו שײנע בײשפּילן פאר יעדער מין. װי הײסן די דאָזיקע מינים אױף ענגליש?

- -

די גאנצע תורה אין אײן זאץ

ג) לאָמיר זיך דערמאָנען די שײנע מעשה װאָס האָט א שײכות צו „אײן זאץ":

צו הלל איז א מאָל געקומען א גוי און געזאָגט: „איך בין גרײט צו װערן א ייד, אױב דו װעסט מיך אױסלערנען די גאנצע תורה, װי איך שטײ אזױ אױף אײן פוס." - „גוט, זאָגט הלל, אָט האָסטו די גאנצע תורה:

װאָס דיר איז נישט ליב זאָלסטו נישט טאָן דעם צװײטן.

דאָס איבעריקע איז בלױז דערקלערונגען.

דער גוי איז געװאָרן א ייד.

- -
-

װאָס איז אײער מײנונג װעגן אָט דעם זאץ?

## סוביעקט און פרעדיקאט

### געניטונג 7.

א) אין א זאץ האָבן מיר א <u>סוביעקט</u> און א <u>פרעדיקאט</u>,

סוביעקט - subject פרעדיקאט - predicate

טײלט אײן אין סוביעקט און פרעדיקאט:

ס'איז דער האַרבסט געקומען,
ס'װעלקן בוים און בלום,
געלע בלעטער, זע איך,
װאַלגערן זיך אום.
ס'קומט א װינט א קאַלטער,
פײפט א לידל צו
און די אָרעמע בלעטער
האָבן ניט קײן רו,
הײבן זיך און טאַנצן
טױטערהײט, אָן מאַכט.
און דער הינט דער בײזער
פײפט און שפּילט און לאַכט.
(אברהם רײזען)

ב) טײלט אײן אין סוביעקט און פרעדיקאט די שפּריכװערטער:

1. אַלע שוסטערס גײען באָרװעס.
2. אויפן גנב ברענט דאָס היטל.
3. דער זאַטער פאַרשטײט ניט דעם הונגעריקן.
4. דער גוטער שװימער װערט דערטרונקען.
5. פון באָרשט מיט ברויט װערן די באַקן רויט.
6. א גאַסט אויף א װײל זעט אויף א מײל.
7. אַלע כלות זײנען שײן.
8. א גוטער מאַנער איז א שלעכטער צאָלער.
9. יעדער סוחר לויבט זײן סחורה.
10. א קעכין פאַרטײלט זיך ניט.

### געניטונג 8.

װאָס טוט זיך דאָ? װאָס פאַר א קוריאָזע זאַצן! װער זאָגט דאָ אַזעלכע ליגנס?

1. דײן זײדן טיכל צײט זיך הונדערט און פופציק מײל.
2. די ליבינקע באָבעניו שפּילט גוט בעיזבאָל.
3. די פּאָליציסטן האָבן מורא פאַר קעץ.
4. שלום-עליכם האָט ניט געקענט אפילו די יידישע אותיות.
5. אַלע פיש אין דער שיסל טראָגן רעװאָלװערן.
6. אַלע לערער פון מיטלשול זײנען שוין טויט.
7. דער שאָסײװעג ליגט אין אײבערשטן שופלאָד פון קאָמאָד.
8. מײן יינגסטער חבר איז שוין זיבעציק יאָר אַלט.
9. קלײנינקע הינדעלעך מאַכן א גוטן אײנדרוק.
10. אײנער פון מײנע א סקול-חבר איז דער באַרימטסטער יידישער שרײבער.

פֿריער; פֿארשטײט איר אַלע װערטער? שופֿלאָד drawer , קאמאד -
dresser           װאָס נאָך װײסט איר דאָ ניט?

ס'איז גאנץ פּשוט. דאָ האָט מען צונויפֿגעבונדן די סוביעקטן מיט פּרעדיקאַטן װאָס געהערן ניט צו זײ. מאכט דאָ א שטיקל אָרדענונג. דערגײט א טאָלק!

גענײטונג 9.

געדענקט איר נאָך י.ל.פּרצעס „צװײ ברידער"? פֿון דאָרטן זײנען די װײטערדיקע זאצן. אָבער דער פּרעדיקאַט איז אָפּגעטײלט פֿון סוביעקט. בײ יעדער סוביעקט איז דאָ א ציפֿער. שטעלט אװעק די זעלביקע ציפֿער לעבן דעם פּרעדיקאַט װאָס געהערט צו אים.

1. א הײזל אויף הינערשע פּיסלעך... ( ) גנבעט זיך באַלד פֿון ברודער ארויס צו דער שלאנג.
2. א גאַסט ( ) איז א פֿאַבריק פֿון קרעלן, בריליאַנטן, דימאַנטן און גליק.
3. דער עלטערער ברודער ( ) צאַפּלט אין האַרץ.
4. די זוים פֿון װאָלקן אין הימל... ( ) האָט צו מאָרגנס גע-װאונדערט זיך שטאַרק.
5. דײן ברודער ( ) איז געקומען אויף בײדן.
6. א טרער ( ) איז נאָך פֿאַרגאָלדט.
7. די ליבע צום ברודער ( ) איז געשטאַנען אויף יענער זײט ים.
8. די זון ( ) איז פֿאַרשװאונדן.
9. גאָטס שטראָף ( ) פֿאַלט אים פֿון די ברעמען.
10. דאָס גליק ( ) באַװײזט זיך אײן מאָל אויף דער שװעל.

גענײטונג 10.

א) קלערט צו פּרעדיקאַטן צו די סוביעקטן:

מאָטל דעם חזנס, מאַני לײב, הלל, אונדזער מיטלשול, אַלע ײדן איבער דער װעלט, מײן ראָלע, ציפּעלע די גרינע, די רעדלעך, די קאָמפּאָזיציע, געפֿילטע פֿיש.

ב) קלערט צו סוביעקטן צו די פּרעדיקאַטן:

איז מײן באַליבטער קינאָ-אַקטיאָר, זײנען אַװעק אויף מלחמה, האָבן פֿאַרשפּעטיקט צו דער ערשטער שעה, איז געפֿאַלן און זיך צעקלאַפּט א קני, איז געװאָרן זיבעציק יאָר אַלט, איז געבליבן אַלײן אין שטוב, איז באַזיגט געװאָרן פֿון די ײדן, האָבן דערקלערט א סטרײק, האָט געערדט אויפֿן ראָג, איז געבליבן אָן ארבעט.
(ראָג - street corner)

לאָמיר זען פֿאַרװאָס ברייזת מיר זײנען!

לאָמיר זיך אַלײן אויספּרואװן דורך א טעסט. לאָמיר זען װאָס מיר קענען. סוף יאָר װעלן מיר װידער דורכפֿירן אַן ענלעכן טעסט. װעט זײן אינטערעסאַנט צו פֿאַרגלײכן די רעזולטאַטן.

געניטונג 11.

## וואס איז דא ריכטיק?

פון די פינף מעגלעכקייטן איז בלויז איין ענטפער דער ריכטיקער. שטרייכט אונטער דעם ריכטיקן ענטפער:

| | | |
|---|---|---|
| .1 | די גאלדענע פאווע | האט געפלויגן, איז געפלויגן, איז געפליט, האט געפליט, איז געפליען. |
| .2 | מע פרעגט א שאלה ביים | רב, חזן, שמש, בעל־מלאכה, שדכן. |
| .3 | ער איז שטארק ווי | א הונט, עסיק, א טויב, האניק, א מויער. |
| .4 | איך האב מורא | צו אים, מיט אים, ביים אים, פאר אים, פון אים. |
| .5 | מערצאל פון דאך איז | דאכן, דעכער, דאכער, דאכען, דאכס. |
| .6 | ווען עס פארדריסט נאכן אפּ־טאן א שלעכטע זאך, האט מען | מגילה, א ספק, א ברירה, חרטה, חשק. |
| .7 | דער פאסיקסטער סינאנים צום ווארט געפאר איז | סכנה, צרה, אומגליק, אנשיקעניש, מלחמה. |
| .8 | צו אונדז איז געקומען צו גאסט | דער ליבער זיידער, דער ליבע זיידע, דער ליבע זיידער, דער ליבער זיידע, דעם ליבן זיידן. |
| .9 | ער איז געווארן רויט ווי א | טאמאט, בוריק, עפל, ליכט, קירבעס. |
| .10 | די קאץ ווייס וואס זי האט | געטרונקען, געגעסן, געמיינט, גע־נאשט, געכאפּט. |
| .11 | אז עמעצער איז זייער שטארק פארנומען, ער האלט אין איין ארבעטן זאגט מען אויף אים: | ווארף אים א קאץ אין פנים, ער שלאגט זיך מיט דער דעה, ער רייסט זיך די האר פון קאפ, ער האט אראפּ־געלאזן די נאז, די הויט ברענט אויף אים. |
| .12 | מען האט זיך לאנג געגרייט צום יום־טוב. מען האט געשייערט, גערייניקט, געוואשן. דעם גאנצן חמץ האט מען אויס־געראמט פון שטוב. ענדלעך איז געקומען דער לאנג געווארטער ערב | שבועות, סוכות, חנוכה, פסח, יום־כיפור. |
| .13 | ווען א רעוואלוציאנער גיט ארויס זיין אייגענעם חבר, ווערט דער ארויסגעבער א | קרבן, פאררעטער, רעוואלוציאנער, מארטירער, העלד. |

14. דער פאסיקסטער סינאָנים צום וואָרט מבין איז:

חכם, געלערנטער, קענער, רב, בריה.

15. מײַן זון האָט חתונה געהאַט מיט איר, זי איז מײַן

שוועגערין, שוויגער, פלעמעניצע, שטיפטאָכטער, שנור.

16. דער פּנים זאָגט אויס

די גאַנצע מעשה, די זאַך, דעם סוד, ווי די מעשה איז געווען, די באַהעלטעניש.

17. די בײנער פון קאָפּ שטעלן צונויף

דעם רוקנבײן, דעם שאַרבן, דעם גוף, דעם פּנים, די ריפּן.

18. איך בין זײער אומגעדולדיק, שוין א האַלבע שעה ווי איך וואַרט

אים, פאַר אים, בײַ אים, אויף אים, צו אים.

19. איך פרײ זיך זײער וואָס איך האָב דיך באַגעגנט, איך האָב גאָרניט געוואוסט אז דו ביסט דאָ.

וואו לעבסטו? וואו וואוינסטו? בײַ וועמען שטײסטו? מיט וועמען שטײסטו דאָ? ווי וואוינסטו?

20. וואָס בײגסטו זיך אונטער די בעטן?

וואָס קוקסטו? וואָס קוקסטו פאַר? וואָס זוכסטו? וואָס בעטסטו פאַר?

21. דער פאסיקסטער סינאָנים צום וואָרט פשוט איז:

ניט קאָמפּליצירט, מיאוס, ביליק, פּראָסט, אײנפאַך.

22. דער פאָטער איז שטאָלץ

איבער זײַן זון, צו זײַן זון, מיט זײַן זון, פון זײַן זון, דורך זײַן זון.

23. חושד זײַן עמעצן אין עפּעס הײסט

נעמען נקמה פון עמעצן, מוחל זײַן עמעצן, ווײַזן אויף זיכער אז יענער האָט עפּעס אָפּגעטאָן, האָבן א פאַרדאַכט אז יענער האָט עפּעס אָפּגעטאָן, מיטהעלפן עמעצן אין זײַן אַרבעט.

24. פאַר אונדז האָט דער שנײַאיקער שפּיץ געגליט אין די שטראַלן פון דער אונטערגײענדיקער זון. מיר זײַנען געווען פאַרמאַטערט פון שפּאַנען א גאַנצן טאָג. מיר האָבן זיך אָבער ניט אָפּגערוט און געשטיגן העכער. מיר זײַנען געווען

אין א מדבר, אין וואַלד, צווישן בערג, אין א טאָל, אויף א זומפּיקן באָדן.

25. ער טונקט ניט אײַן א פינגער אין קאַלט וואַסער, ער גײט אַרום לײדיק, ער איז א

האָרעפּאַשניק, יישובניק, שלימזלניק, פוסט־און־פּאַסניק, כל־בוניק.

26. זײן בילדער־אויסשטעלונג האָט געהאט א גוואלדיקן דער־פאָלג. ער איז א באַרימטער — מאָלער, מאַליער, אַרטיסט, פּענדזלער, סקולפּטאָר.

27. ער קען נאָך ניט לעבן זעלבשטענדיק, ער וואוינט — מיט זײנע עלטערן, בײ זײנע עלטערן, פון זײנע עלטערן, דורך זײנע עלטערן, פאַר זײנע עלטערן.

28. דער פּאַסיקסטער סינאָנים צום וואָרט חסרון איז: — טענה, גרײז, עוולה, פּעלער, פאַלשקײט.

29. אַז ער שפּאַרט זיך אײן, קען מען אים ניט איבעררײדן. ער איז א גרויסער — קבצן, חוצפּהניק, יחסן, צו־להכעיסניק, עקשן.

30. ער מוז זײן ניט געזונט. ער איז געל — ווי ליכט, ווי דער טאָג, ווי אַן אָראַנזש, ווי וואַקס, ווי האָניק.

31. אָט איז אונדזער לערער. מיר לערנען זיך פראַנצײזיש — מיט אים, בײ אים, דורך אים, א דאַנק אים, פון אים.

32. מיר האָבן אים געזוכט און געזוכט; מיר קענען אים ניט געפינען; וואו איז ער — פאַרשווינדט? פאַרשווינדן? פאַרשוואונדן? פאַרשוואַנדן? פאַרשוואונדט?

33. ווען עס איז גאָר הײס אין דרויסן, זאָגט מען אַז עס איז הײנט — קיל, א וואַרעמקײט, א מילדער טאָג, א היץ, א הײסקײט.

34. דער ײנגסטער זון איז דער — בכור, בן־יחיד, מיזיניק, פּלעמעניק, בן־מלך.

35. אַראָפּלאָזן די אויגן הײסט — זיך פאַרשעמען, זיך באַלײדיקן, אַרויסווײזן חוצפּה, חנפענען עמעצן, זיך גוט באַטראַכטן.

## וואָס איז דאָ איבעריק?

געניטונג 12.

אין יעדער רײ איז דאָ א וואָרט וואָס פּאַסט זיך אין דער רײ ניט אַרײן, ווײל די ווערטער פון יעדער רײ זײנען מיט עפּעס וואָס געבונדן, האָבן עפּעס שותפותדיקס. שטרײבט אויס דאָס וואָרט וואָס פּאַסט זיך ניט אַרײן אין דער רײ.

1. שטיל, וואויל, גראָב, גוט, באַשײדן.
2. גרין, רויט, ברוין, פאַרביק, טרוקן.
3. פאַרהאָרעוועט, פאַרביטערט, פאַרפינצטערט, פאַרחלומט, פאַרשקלאַפט.

4. חוצפהדיק, אויסגעוואשן, געשאָרן, פאַרקאַמט, פאַרפוצט.

5. קאַלט, לעפלעך, וואַרעם, רויט, היים.

6. פּראָסט, טויי, נעבל, וואָלקן, כמארע.

7. שדכן, שמש, רב, חזן, פורמאַן.

8. מאָגן, צימעס, מויל, האַלדז, געדערים.

9. אות, שורה, זייט, בוך, מחותן.

10. קיכל, פלאָדן, שטרודל, מאָלינעס, קוכן.

11. קלערן, עסן, טרינקען, פאַרדייען, זאַט זיין.

12. האָרעווען, זיך מיען, זיך מאַטערן, ירשענען, פּראָצעווען.

13. באַטראַכטן, באַפאַרבן, אָננעמען, אָפּשטימען, אָפּוואַרפן.

14. שפּינען, וועבן, צושנײַדן, אויפנייען, דרוקן.

15. וואַשן, לייענען, ריניקן, פוצן, שייערן.

- -

-

אין די געניטונגען 11 און 12 זיינען דאָ 50 פונקטן. פאַר איטלעכן ריכטיקן ענטפער ווערט געגעבן צוויי פונקטן. לאָמיר פאַרשרייבן וואָס איז אונדזער איצטיקער צייכן און מיר וועלן פאַרגלייכן מיט א צייכן סוף יאָר, נאָך אן ענלעכן טעסט.

# א קרייצוואָרט־רעטעניש

דערקלערונג: יעדער אות קומט אין א באַזונדער קעסטעלע אָפֿ קען זײַן א, אָ און א שטומער אלף; א יוד – א טײל פון ײ און ײַ, א וואָוו – א טײל פון װ, פון ו, פון וי און ו.



פון רעכטס אויף לינקס:

1. איר געפינט אים אין טעלער און ער איז לאַנג. 5. נײטיק זיך צוצוקנעפּלען. 9. סוף פון שאָכשפּיל. 10. האַרט און וואַקסט אויף א בוים. 12. בהמות. 14. יעדער זאַך האָט עס. 16. נאַר. 17. קײן מאָל ניט גענוג. 19. בײשפּיל. 20. א מעטאַל. 21. גרינגער ווי ארויף. 23. א טואונג מיט פאַרשײדענע סאָרטן. 24. מאַכן אײנגעמאַכטס, שמאַלץ. 25. פּרעה איז מיט דעם באַשטראָפט געוואָרן. 27. אָן דעם קען מען ניט לעבן. 30. א טאָפּ. 31. א ווײַבלעכער נאָמען. 33. יעדער צימער האָט עס. 34. אַרטיקל. 35. א פײַער טוט עס. 37. נײַן! 38. פּראָפּאָזיציע. 39. מע לײגט עס. 41. געשאַנק. 42. העכער ווי א וואָלקן־קראַצער.

פון אויבן אַראָפּ:

2. זײגט א קינד. 3. א טײל פון א שפּיל. 4. א טײל פון א בוים. 5. לערן. 6. אָן אות. 7. טו עס, אַניט וועסטו זײַן הונגעריק. 8. וועלן יענעמס. 11. אן אײנגעשפּאַרטער. 13. א צײטמאָס. 15. צע־דרײטע. 16. טומל. 18. שרעק פון ײדישע קינדער אין מיטן פאַריקן יאָרהונדערט. 20. א צײטמאָס. 22. א ײדישער שרײַבער. 23. נײטיק צום באַקן. 25. עס רינט פון דעם. 26. אַן אימפּעראַטיוו פון א ווערב וואָס האָט א שײַכות צו וואַסער. 28. א סך. 29. אײן קלאַנג אָדער א גרופּע קלאַנגען. 31. נאָכן טאָן א שלעכטע זאַך. 32. פאַרגעניגן. 35. שאַפֿט א זיסע זאַך. 36. מיר טרינקען עס. 38. א טויטער. 40. האָט מער וואַסער ווי א טײַך.

## לאָמיר איצט זיך לערנען ווערטער וואָס באַצייכענען דאָס וועטער! 11

**געניטונג 1.**

האָט איר געלייענט פון שלום־עליכמס „בערל־אייזיק" די באַשרייבונג פון די פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס לוויות?

**געניטונג 2.**

לייענט דורך די ווייטערדיקע סובסטאַנטיוון און זעט, צי איר ווייסט טאַקע גענוי דעם באַדייט פון די אַלע ווערטער. אויב איר ווייסט ניט אָדער איר זייט ניט אין גאַנצן זיכער, דערגייט דעם גענויעם באַדייט און שרייבט צו מיט אַ בלייער לעבן דעם יידישן וואָרט די ענגלישע איבערזעצונג.

| | | | |
|---|---|---|---|
| די לופט | די ערד | דער ים | דער ווינט |
| די זון | דער באָדן | דער טייך | דער שטורעם |
| דער זונענשיין | דאָס וואסער | די אָזערע | דער שטורעמווינט |
| דער רעגן | דער הימל | דער טוי | דער דונער |
| דער שלאַקסרעגן | דער וואלקן | דער נעבל | דער בליץ |
| דער רעגן־בויגן | די כמאַרע | די פאַרע | דאָס געוויטער |
| דער שניי | דער האָגל | די היץ | די קעלט |
| דער שניישטורעם | דאָס אייז | די היצכוואַליע | דער פראָסט |
| דאָס שנייעלע | דאָס אייזצעפּל | די טריקעניש | די כוואַליע |
| דער פליוך | דער צפון | דער טראָפּן | די טעמפּעראַטור |
| דער מבול | דער דרום | די נעץ | די אַטמאָספערע |
| די פאַרפלייצונג | דער מזרח | די פייכטקייט | דער באַראָמעטער |
| דער אייזגאַנג | דער מערב | די וואַרעמקייט | דער קלימאַט |

**געניטונג 3**

לייענט דורך די ווייטערדיקע אַדיעקטיוון און ווערבן און זעט, צי איר ווייסט טאַקע גענוי דעם באַדייט פון די אַלע ווערטער. אויב איר ווייסט ניט אָדער איר זייט ניט אין גאַנצן זיכער, דערגייט דעם גענויעם באַדייט און שרייבט צו מיט אַ בלייער לעבן דעם יידישן וואָרט די ענגלישע איבערזעצונג.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| שיין | קלאָר | שטיל | וואַרעם | קאַלט |
| פיין | פריש | מילד | הייס | נאַס |
| אָנגענעם | ריין | קיל | טרוקן | פייכט |

| | | | |
|---|---|---|---|
| העל | ווינטיק | טויאיק | פינצטער |
| ליכטיק | שטורעמדיק | נעפּלדיק | פאַרוואָלקנט |
| דורכזיכטיק | פראָסטיק | רעגנדיק | פאַרכמאַרעט |

| | | |
|---|---|---|
| זוניק | אייזיק | בייז |
| ברענענדיק | בייסיק | גרויזאַם |
| טראָפּיש | אַרקטיש | שרעקלעך |
| צפונדיק | מערבדיק | שטאַרק |
| דרומדיק | פאַרביק | דורכדרינגענדיק |
| מזרחדיק | געפערלעך | אומדערטרעגלעך |

| | | |
|---|---|---|
| עס שײנט | עס רעגנט | עס דונערט |
| עס לײכט | עס טריפּט | עס בליצט |
| עס וואַרעמט | עס גיסט | עס שטורעמט |
| עס טריקנט | עס שנײט | עס האָגלט |
| עס בלאָזט | עס פֿרירט | |
| עס ווײט | עס צעגײט | |
| עס רוישט | עס לאָזט אָפּ | |
| עס וואָיעט | עס פֿליוכעט | |

## געניטונג 4

א) לײענט ווידער די ווערטער פֿון דער געניטונג 2 און שטעלט צו צו איטלעכן סובסטאַנטיוו א פּאַסיקן אַדיעקטיוו אָדער ווערב. איר קענט אויסנוצן די ווערטער פֿון דער געניטונג 3, איר קענט אויך צו־קלערן אנדערע ווערטער, למשל:

| | | |
|---|---|---|
| די דורכזיכטיקע לופט, | | די לופט קילט אָפּ, |
| די ברענענדיקע זון, | אָדער | עס וואַרעמט די זון, |
| דער אנגענעמער זונענשײן, | | דער זונענשײן דערפֿרײט |

ב) לײענט ווידער די ווערטער פֿון דער געניטונג 3. און צו איטלעכן אַדיעקטיוו אָדער ווערב שטעלט צו א פּאַסיקן סובסטאַנטיוו. איר קענט אויסנוצן די ווערטער פֿון דער געניטונג 2, איר קענט אויך צוקלערן אנדערע ווערטער, למשל:

| | | |
|---|---|---|
| א טויאיקער מאָרגן | | עס גיסט א שלאַקסרעגן |
| א נעבלדיקער טאָג | אָדער | עס צעגײט דער שנײ |
| א רעגנדיקער האַרבסט | | עס לאָזט אָפּ דער פֿראָסט |

## געניטונג 5.

געפֿינט אויס אַנטאָנימישע פּאָרלעך אין די ווערטער פֿון די געניטונגען 2 און 3, למשל: מזרח - מערב
טרוקן- פֿײַכט.

## געניטונג 6.

שרײַבט אָן, ווי פֿיל איר קענט נאָר, פּאַסיקע אַדיעקטיוון צו די ווערטער:

א הימל, א טאָג, א נאַכט, א ווינט,
א פֿרילינג, א זומער, א האַרבסט, א ווינטער.

א בײַשפּיל: צום וואָרט א רעגן קען מען צושרײַבן:

א וואַרעמער, א קאַלטער, א האַרבסטיקער, אַן אומאַנגענעמער,
אַן איבערדריסיקער, א נײטיקער, א שטאַרקער, א כסדרדיקער,
אַן אומעטיקער, א האַסטיקער - און אנדערע.

## געניטונג 7.

ווען מע פֿרעגט: „וואָס פֿאַר א וועטער איז הײַנט?" קען מען ענטפֿערן:

עס איז שײן, עס איז קיל, עס איז א פֿראָסט, גיט נאָך צו אַן ערך צען ענטפֿערס.

געניטונג 8.

צווישן ארטיקל און סובסטאנטיוו איז דא דורכגעלאזן אן אדיעקטיוו. די דורכגעלאזענע אדיעקטיוון ווערן אויסגערעכנט אונטן. נעמט פון זיי און פאסט אריין. געדענקט אז איר קענט נעמען אן אדיעקטיוו בלויז איין מאל און אז אן אדיעקטיוו מוז שטימען אין מין מיטן סובסטאנטיוו.

| | |
|---|---|
| דער..............נעבל | דער..................הימל |
| די..............כמארע | דער..................באדן |
| די................היץ | די.....................קעלט |
| דער...............רעגן־בויגן | דער.....................שטורעם |
| דער..............טוי | דער....................צפון |
| דאס...............אייזצעפל | די.......................טעמפעראטור |

אט זיינען די דורכגעלאזענע אדיעקטיוון:

פארביקער, צעגייענדיקע, קאלטער, פייכטער, דורכשניטלעכע, געדיכטער, טראפישע, בלייענע, העל־בלויער, פרימארגנדיקער, געפערלעכער, שניידיקע.

געניטונג 9.

דערגאנצט די זאצן מיט א פאסיקן ווערב. די ווערבן ווערן געגעבן אונטן. געדענקט אז איר קענט נעמען א ווערב בלויז איין מאל און אז א ווערב מוז שטימען אין צאל מיטן סוביעקט.

1) עס איז הייס, די זון.......... 2) עס איז א היץ, מענטשן .......... 3) מיר זיינען ביים ברעג ים; אין שטאט איז הייס, אבער דא..........קילע ווינטעלעך. 4) עס איז אומעטיק, אין דרויסן ..........דער ווינט. 5) עס איז נים אויסצוהאלטן: דער רעגן .......... א גאנצן טאג. 6) עס איז א געוויטער, עס דונערט און עס .......... 7) די שיף ווארפט זיך, דער ים .......... 8) דער שטורעם האט פארכאפט דעם וואלד, די ביימער.......... 9) אט..........עס, ממש שטיינער פאלן פון הימלען 10) עס איז א ברענעדיקער פראסט, מיינע אויערן..........

אט זיינען די דורכגעלאזענע ווערבן:

וויען, פרירן, שוויצן, רוישן, ווארעמט, שטורעמט, וואיעט, האגלט, פליוכעט, בליצט.

<u>געניטונג 10</u>.

האָט איר באַמערקט, ווי עס שאַפן זיך אַדיעקטיוון פון סובסטאַנטיוון און, פאַרקערט, סובסטאַנטיוון פון אַדיעקטיוון? זעט:

א) פון <u>ווינט</u> ווערט <u>ווינטיק</u> — פון <u>נעבל</u> ווערט <u>נעבלדיק</u>

פון <u>זון</u> ווערט.......... — פון <u>שטורעם</u> ווערט.........

פון <u>פראָסט</u> ווערט.......... — פון <u>רעגן</u> ווערט...........

פון <u>ליכט</u> ווערט........... — פון <u>צפון</u> ווערט...........

פון <u>לופט</u> ווערט.......... — פון <u>מזרח</u> ווערט..........

פון <u>טוי</u> ווערט ........... — פון <u>מערב</u> ווערט...........

ב) און איצט סובסטאַנטיוון פון אַדיעקטיוון:

פון <u>וואַרעם</u> ווערט וואַרעמקייט — פון <u>שטאַרק</u> ווערט שטאַרקייט

פון <u>פײַכט</u> ווערט........... — פון <u>ליכטיק</u> ווערט.........

פון <u>קלאָר</u> ווערט............ — פון <u>מילד</u> ווערט...........

פון <u>פריש</u> ווערט........... — פון <u>קאַלט</u> ווערט............

פון <u>שטיל</u> ווערט............ — פון <u>נאַס</u> ווערט............

פון <u>העל</u> ווערט ........... — פון <u>הײס</u> ווערט.............

ג) אָבער געדענקט אויך די ווערטער:

פון קאַלט ווערט <u>קעלט</u>, פון הײס ווערט <u>היץ</u>, פון נאַס ווערט <u>נעץ</u>.

טאַ קלערט צו זאָגן: איין זאַך וואו עס זאָל זיך טרעפן דאָס וואָרט <u>קעלט</u>,
איין זאַך וואו עס זאָל זיך טרעפן דאָס וואָרט <u>קאַלטקייט</u>;
איין זאַך וואו עס זאָל זיך טרעפן דאָס וואָרט <u>היץ</u>,
אין אַ צווייטן - וואו עס זאָל זיך טרעפן דאָס וואָרט <u>הײסקייט</u>.

איר וועט אײַנזען, אַז <u>קאַלטקייט</u> הייסט די אייגנשאַפט פון זײַן קאַלט, אַבסטראַקט.
<u>קעלט</u>' הייסט אַ דערשײַנונג מיט אַ געוויסן סכום קאַלט-זײַן, קאָנקרעט.

<u>געניטונג 11</u>.

אַזוי ווי מיר האַלטן בײַם צוקלערן זאַצן, וועט איר דאָס מאָל צוקלערן אויך גאַנצע פאַראַגראַפן. קלערט צו צו אַ פאַראַגראַף וואָס זאָל באַשטיין ווײַניקסטנס פון 2-3 זאַצן און וואָס זאָל זיך ענדיקן מיט די ווײַטערדיקע זאַצן:

1. דער טײַך האָט זיך געשטעלט.
2. דער פראָסט נעמט דורך די בײנער.
3. מען האָט ניט געקענט ארויסטרײַבן א הונט אין גאס.
4. מיר זײַנען אלע צעפארעט פון היץ.
5. עס פארכאפט דעם אָטעם.

געניטונג 12.

אויסשטרײַכן דאָס וואָרט וואָס פאסט זיך נים אין דער רײ.

1. מבול, פארפלײצונג, היץ, רעגן, שלאקסרעגן.
2. כוואליע, פארע, נעבל, וואלקן, רעגן.
3. וואסער, טײַך, אָזערע, רעגן-בויגן, ים.
4. טוי, טראָפּן, אײַזצעפל, נעץ, פײַכטקײט.
5. צפון, מזרח, מדבר, מערב, דרום.
6. אײַז, קעלט, פראָסט, אטמאָספערע, שניי.
7. היץ, טריקעניש, קלימאט, זונענשײַן, זומער.
8. כמארע, מערב, דונער, געוויטער, בליץ.
9. בלאָזן, שײַנען, וואָיען, רוישן, ברומען.
10. טריקענען, רעגענען, שנײען, האָגלען, פליובען.
11. דונערן, פרירן, בליצן, שטורעמען, רוישן.
12. טריפן, שײַנען, לײַכטן, גלאנצן, ווארעמען.

געניטונג 13.

געדענקט אָט די שײנע שפּריכווערטער:

1. די זון שײַנט גלײַך אויף אָרעם און רײַך.
2. די זעלביקע זון מאכט לײַוונט ווײַס און דעם ציגײַנער שווארץ.
3. נאראָנים און קראָפּעווע וואקסן אָן רעגן.
4. ווען די כלה איז א נאשערקע, רעגנט עס צו דער חופה.
5. ווען מע קומט ניט צו א פרײַנט איבער א היץ - דארף מען קריגן שמיץ, ווען מע קומט ניט צו א פרײַנט איבער א פראָסט - איז דאָס זײַער פראָסט.

געניטונג 14.

א) <u>ווער קען זינגען אָט דאָס פאָלקסלידל?</u>

אונטער א קלײן בײמעלע
זיצן ײנגלעך צוויי.
זײ רײדן פון א מײדעלע ) 2
קײן זאך קימערט זײ ) מאָל

דערציילט איינער די ניסומלעך
וואָס ער האָט געהאַט,
כאַפּט דער אַנדערער אַרויס,
דערציילט עס אַקוראַט.

אונטער א קליין ביימעלע א אז"וו

ער פלעגט, זאָגט ער, גאַנצע טעג
אומגיין אומגעגעסן,
דאָרטן וואו זי האָט געוואוינט
שעהן אָפּגעזעסן.

אונטער א קליין ביימעלע......

דורך שניי און רעגן, היץ און קעלט,
פאַר קיין זאַך זיך ניט געשראָקן.
און די מאַמע אין דער היים
וואַרט. שוין מיט א פלאַקן.

אונטער א קליין ביימעלע .......

און דער טאַטע צו דערצו
מיט דעם פּאַס דעם גרויסן,
אויסגעקלאַפּט די ביינדעלעך,
אַרויסגעיאָגט אין דרויסן.

אונטער א קליין ביימעלע.....

ב) און וועד תיל אויסלערנען אויף אויסווייניק?

א זון מיט א רעגן

א זון מיט א רעגן! א זון מיט א רעגן!
עס לאַכן מיר גאָלדענע טראָפּנס אַנטקעגן.
זיי לויכטן אין לופטן און פאַלן אויף מיר
ווי גאָלדענע פונקען אויף זיידענע שניר....

א זון מיט א רעגן! א זון מיט א רעגן!
עס צאַנקען די גראָזן ביים ראַנד פון די וועגן;
עס שמייכלען די בלומען, צעקושטע פון ווינט,
אַזוי ווי עס שמייכלט דורך טרערן א קינד.
(לייב ניידוס)

געניטונג 15.

דער באַרימטער ווילנער העברעאיש ראָמאַנסיער האָט זיך א מאָל באַרימט:

"מיר איז שטענדיק גוט. זומער איז מיר גוט היים, ווינטער איז מיר גוט קאַלט. די ווייב דערגייט מיר גוט די יאָרן, דער קאָפּ טוט מיר גוט ווי איבער א ביסל חיונה, און אַזוי בין איך סתם גוט אויף צרות.

III די איצטיקע צײַט פון ווערב

גענימונג 1.

און אז דער רבי גײט (2 מאָל)
גײען דאָך אלע תלמידים,
און אז דער רבי שטײט (2 מאָל)
...... דאָך אלע תלמידים,
און אז דער רבי טאנצט (2 מאָל)
...... דאָך אלע תלמידים.

- -
-

מע קען אזוי אָן א סוף: שלאָפט, שפרינגט, עסט, ניסט, הוסט, פרײַבט..

לײגט פאָר נאָך ארבעטן פארן רבין, די תלמידים זאָלן
אים נאָכטאָן.

גענימונג 2.

איר קענט אלע בײגן ווערבן אין דער איצטיקער צײט:

איך גײ, דו גײסט און אזוי ווײטער
איך שפרינג, דו .........

איך טאנץ, ...............

לאָמיר אָבער זיך פארצײכענען אז

1. די.........פערזאָן אײנצאָל האָט ניט קײן ענדונג און פאלט צונויף מיטן שטאם פון ווערב (גײ, טאנץ)

2. די..................... האָט די לענגסטע ענדונג (גײסט, טאנצסט)

3. גלײַכע ענדונגען האָבן: א) די דריטע פערזאָן אײנצאָל ) (גײט,
און די .... פערזאָן מערצאָל) טאנצט)

ב) די ערשטע פערזאָן מערצאָל ) (גײען,
די ...... פערזאָן מערצאָל) טאנצן)

4. הײסט עס אז די ענדונגען זײַנען:
א) גאָרניט קײן ענדונג - 1טע פערזאָן אײנצאָל
ב) „סט" 2טע " "
ג) „ט" 3-טע " "
„ט" 2טע " מערצאָל
ד) ן (ען) 1טע " "
ן (ען) 3טע " "

- -
-

5. לאָמיר אויך דאָ זיך דערמאָנען די בייגונג פון די ווערבן זיין און האָבן.

6. איר קענט אַט די אויסנעמען: ער איז, ער וויל, ער קען, ער מוז, ער זאָל, לאָז ער, ער דאַרף, ער מעג, ער טאָר ניט; ער ווייס (אויך - ער ווייסט)

## גענִיטונג 3.

דאָ איז אַלץ אַזוי פּשוט. איר קענט די אַלע זאַכן. אָבער לאָמיר זען, וואָסערע פראַגעס קענען דאָ אַנטשטיין.

- אַלץ איז דאָ קלאָר. מיר ווייסן עס אַלץ.
- טאַקע אַזוי? איך וואָלט גרייכער געווען צופרידן. האָט קיינער ניט קיין שום פראַגעס?
- איך וויל וויסן, ווען מע דאַרף שרייבן -ן און ווען -ען. אַ מאָל פּלאָנטער איך.
- זעט איר שוין. מיר האָבן שוין איין פראַגע. לאָמיר וואַרטן. אפשר וועלן זיין נאָך. נו?
- ווי שרייבט מען רעדט מיט אָדער אָן דעם „ד"?
- ווי שרייבט מען דו טאַנצסט אָדער אָן דעם סמך?
- ווי שרייבט מען ביסט אָדער עס קומט אַריין אַ נון?
- ווי שרייבט מען - דו מוזסט? אָדער אַנדערש?
- זאָל זיין גענוג. איין פראַגע וועגן -ן אָדער -ען לייגן מיר אָפּ. מיר וועלן וועגן דעם לערנען אַן אַנדער מאָל. די איבעריקע פראַגעס פאַר-ענטפערן מיר באַלד. ערשטנס: דו ביסט דאָ? וואו ביסטו?

צווייטנס, אין דער דריטער פּערזאָן איינצאָל (און אויך פאַרשטייט זיך, אין דער צווייטער פּערזאָן מערצאָל) קומט שטענדיק צו די ענדונג „ט" צו דעם שטאַם פון ווערב (אָדער צו דער פאָרם פון דער ערשטער פּערזאָן) חוץ ווען דער שטאַם ענדיקט זיך מיט אַ טית - ט.

הייסט עס: ער טאַנצ-ט, ער שנייד-ט, ער רעד-ט.
אָבער ער היט-, ער מעסט-, ער טראַכט-.

דריטנס, אין דער צווייטער פּערזאָן איינצאָל קומט שטענדיק צו די ענדונג „סט", חוץ ווען דער שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ סמך „ס" - יעמאָלט קומט צו נאָר „ט".

ווען דער שטאַם ענדיקט זיך אויף „סט" - יעמאָלט קומט קיין ענדונג ניט צו.

הייסט עס: דו טאַנצ-סט, דו היט-סט, דו נאַש-סט, דו מוז-סט
אָבער דו ווייס-ט, דו עס-ט, דו ניס-ט, דו רייס-ט.
דו מעסט- דו הוסט-

- -
-

לאָמיר זיך איינניטן אין דעם:

1. איך רײד (רעד)
דו...............
ער...............

2. איך שנײד
דו..........
ער..........

3. איך װענד זיך
דו..............
ער װענדט

4. איך באַקלײד די קינדער
דו ........................
ער.........................

5. איך בינד
דו..........
ער..........

6. איך שמיד
דו..........
ער.........

7. איך מעלד
דו..........
ער מעלדט

8. איך שינד די הויט
דו...................
ער...................

9. איך היט
דו.........
ער.........

10. איך בעט
דו..........
ער..........

11. איך באַטראַכט
דו...............
ער...............

12. איך טרעט
דו...........
ער...........

13. איך װײַז
דו...........
ער...........

14. איך בלאָז
דו............
ער............

15. איך הײש
דו..........
ער..........

16. איך װאַש
דו..........
ער..........

17. איך הײץ
דו..........
ער..........

18. איך שפּריץ
דו.............
ער.............

19. איך בענטש
דו............
ער............

20. איך װינטש
דו............
ער............

21. איך בײס
דו...........
ער...........

22. איך שמײס
דו............
ער............

23. איך שיס
דו..........
ער..........

24. איך שטויס
דו..............
ער..............

איך / דו / ער } מעסט

איך / דו / ער } טרײסט

איך / דו / ער } הוסט

- -
-

מע קען גאָר קורץ געבן אַן אַלגעמײנעם כּלל װעגן אױסלײג:

עס דאַרפֿן זיך נישט טרעפֿן קײן אַלצאײנע אותיות צום סוף פֿון שטאַם פֿון װאָרט און אין דער ענדונג.

הײסט עס אַז אױב אַ װערב ענדיקט זיך אױף אַ „ט", קען נישט קומען די ענדונג „ט"; אױב אַ װערב ענדיקט זיך אױף אַ „ס", קען נישט קומען גלײַך נאָך דעם אַ „ס" פֿון דער ענדונג. אױב אַ װערב ענדיקט זיך אױף „סט" קען נישט קומען נישט „ס", נישט „ט" אין דער ענדונג. אין אַלע אַנדערע פֿאַלן מוזן זײַן די ענדונגען „סט" און „ט".

4. געניטונג

א) „און דו אַקערסט און דו זײסט".... װער קען עס זינגען?

ב) דער גמרא־ניגון
(אבֿרהם רײזען)

װאָס זשע קלאַגסטו בײַ דער גמרא,
קלױזניק בלאַסער, קלױזניק ליבער?...
צי דו בענקסט אַהײם נאָך דײַנע

טאטע, מאמע, שוועסטער, ברידער,
וואס אָן זיי ביסטו געבליבן
ווי א שיפל אָן א רודער?....
אָדער אפשר גלאט דו שעמסט זיך
עסן ברויט ביי פרעמדע טישן,
און מיט בלוט, מיט הייסע טרערן
שלינגסט אראָפ דו יעדער ביסן?....

ג) פון א וויגליד
פון איזי כאריקס פּאָעמע „ברויט"

-דו וועסט וואקסן, דו מוזסט וואקסן
מיטן וואוקס פון בוים,
שווערע מי וועט זיין דיין חבר,
פעטע ערד – דיין היים.
און ווען ס'וועט ווערן, ווי מע זאָגט אונדז,
גרינג אויף גאָרער ערד,
זאָלסטו וויסן אז דיין מאַמען
איז געווען שווער.

גענייטונג 5.

דו.........פט, -סטן

פון שלום-עליכמס „מעסערל"

1. אוועק, ס'איז ניט דיין עסקן וואס פלאָנטער... זיך דאָ ארום?
קראנק בי... צו נעמען א ספר אין האנט?

2. דו בי.... שוין ווידער דאָ? וואס וועט זיין פון דיר דער הבליח?

3. וואס כאפ... זיך אזוי? וואס זאָג... אויף דעם צדיק?

4. נו, פאר וואס גי... שוין ניט אין חדר?

5. -וואס טריב... אים אזוי? (זאָגט די מאמע). – וואס קלעטער... אויפן בוידעם? (שרייט דער טאטע).

6. וואו בי... ערגעץ דאָרט? פאר וואס גי... שוין ניט דאַוונען?

7. אוי, טאטע, טאטע (טראכט איך מיר אין הארצן) דו האָ... מיר פארוואָרפן מיין הארבאטע מעסערל, האָב איך איצט א בעסערס, דו זיצ... אויף דעם און דו ווייס... גאָרניט!

8. וואס גלאָצ.....אויף מיר די אויגן ווי א קאָטער (כאפט מיך אָן דער טאטע) וואס זיצ...... צונויפגעלייגט די הענט ווי א שטאָט-באלע-באס? קאָנ......זיך שוין גאָר קיין ארבעט ניט אפזוכן?

דומפּע און הילכיקע קלאַנגען

גענייטונג 6.

ס'זיינען פאראן שווערקייטן ביים אויסלייגן ווערבן וואס האָבן צו טאָן ניט מיט דער ענדונג פון ווערב, נאָר מיטן שטאם פון ווערב. ווען דער שטאם פון ווערב ענדיקט זיך אויף א הילכיקן קלאנג, קלינגט ער טעמפ פאר די ענדונגען פון צווייטער און דריטער פערזאָן איינצאָל, למשל:

פאראַן א וואָרט וועגן. איך וועג, מיר וועגן - קלאָר א „ג".
פאראַן א וואָרט וועקן. איך וועק, מיר וועקן - קלאָר א „ק".
אָבער
דו וועגסט און דו וועקסט קלינגט אלץ איינס - „וועקסט"
ער וועגט און ער וועקט קלינגט אלץ איינס „וועקט"

נאָך א בײַשפּיל: ווײַזן און ווײַסן (מאַכן ווײַס, אויסווײַסן)

דו ווײַזסט קלינגט אלץ איינס ווי דו ווײַסט
ער ווײַזט קלינגט אלץ איינס ווי ער ווײַסט

אָט זײַנען די אָפּטע דרײַ פּאָרלעך קלאַנגען, וואָס דער חילוק צווישן זיי איז ניט מער ווי אין דער הילכיקייט, און דעריבער זײַנען זיי אלע גלײַך טעמפּ פאַר „סט און „ט".

| הילכיקע | ב | ג | ד |
|---|---|---|---|
| טעמפּע | פּ | ק | ט |

ער לעבט, ער פרעגט, דו רעדסט
ער קלעפּט, ער שרעקט, דו טרעטסט

און חוץ דעם לאָמיר געדענקען אז סוף וואָרט קלינגען אלץ איינס „דט" און „ט": רעדט און טרעט, היט און שמידט, רײַט און שנײַדט.

אין די אלע פאַלן באַקומען זיך גראַמען, ווײַל די קלאַנגען זײַנען אלצאײַנע. אָבער זאָל מען זיך היטן מיטן אויסלײַגן די ווערטער;

ווײַס מען ניט ווי אויסצולײַגן, זאָל מען זיך ווענדן צו דער ערשטער פּערזאָן אײַנצאָל אָדער מערצאָל:

שמידט, ווײַל איך שמיד, מיר שמידן;
פרעגט, ווײַל איך פרעג, מיר פרעגן;

- -
-

1. זינגט, ווײַל איך זינג, מיר זינגען
2. זעגט, ווײַל.............................
3. צינדט, ווײַל.............................
4. טרײַבט, ווײַל.............................
5. טראָגט, ווײַל.............................
6. לײַדט, ווײַל.............................
7. מוזטט, ווײַל.............................
8. שרײַבסט, ווײַל.............................
9. צווינגסט, ווײַל.............................
10. קלאָגסט, ווײַל.............................
11. וויגסט, ווײַל איך וויג, מיר וויגן
12. בלאָזט, ווײַל.............................
13. גראָבט, ווײַל.............................
14. באָדסט זיך, ווײַל.............................
15. שוועבסט ווײַל.............................
16. זידט, ווײַל.............................
17. קלײַבט, ווײַל.............................
18. בינדט, ווײַל.............................
19. רעדסט, ווײַל.............................
20. לאָזסט, ווײַל.............................

געניטונג 7.

לאמיר זיך צוקוקן ווי עס באקומען זיך אלצאיינע קלאנגען ביים ביגן ווערבן פון פארשיידענע שטאמען.

| 1. היט איז פון היטן | 2. זעט איז פון זען | 3. שיסט איז פון שיסן |
|---|---|---|
| גיט............ | גלעט........... | פיסט........... |
| שמידט.......... | בעט............ | ניסט........... |
| ציט............ | רעדט........... | פליסט.......... |
| פליט........... | קנעט........... | גיסט........... |
| גליט........... | טרעט........... | גיסט........... |

| 4. גייסט איז פון גיין | 5. זעסט איז פון זען | 6. בייסט איז פון בייסן |
|---|---|---|
| נייסט........... | מעסט............ | קייסט........... |
| ווייסט.......... | וועסט........... | ווייזט.......... |
| טרייסט.......... | פרעסט........... | ווייסט.......... |
| הייסט........... | עסט............. | ווייזסט......... |

געניטונג 8. טשיקאווע האמאנימען

וואס דאס זיינען האמאנימען - נו, דאס ווייסן אלע. ביישפילן!

גראמאטישע האמאנימען זיינען אזעלכע האמאנימען וואס באקומען זיך ווען א ביגפארעם פון איין ווארט פאלט צונויף מיט א ביגפארעם פון א צווייטן ווארט, למשל:

געבן און גיסן זיינען ניט קיין האמאנימען; איך גיב, איך גיס - אויך ניטא דא קיין גלייכקלינגיקייט. אפער דו גיסט (פון געבן) ער גיסט (פון גיסן). לאמיר געפינען נאך א פאר אזעלכע האמאנימען:

א) 1. פון פליען; דו...............; פון פליסן.................
2. פון נייען; ער...............; פון נייטן.................

3. פון זיסן, דו...............; פון זייען.................

און האמאנימען וואס שרייבן זיך אנדערש:

ב) 1. פון לייען, ער............; פון ליידן, ער.............

2. פון ווייזן, ער............; פון ווייסן, ער.............

3. פון באדן, ער.............; פון באטן(אנבאטן)ער.........

געפינט נאך ביישפילן פון דעם צווייטן מין.

מע קען אָנרופן שטענדיקע גראַמאַטישע האָמאָנימען די אַלע פאָרמען וואָס פאַלן שטענדי צונויף בײם בײגן. מיר האָבן געהאַט צו טאָן בײם בײגן ווערבן מיט צוויי אַזעלכע שטענדיקע גראַמאַטישע האָמאָנימען: די דריטע פערזאָן אײנצאָל און די צווײטע פערזאָן מערצאָל; די ערשטע און די דריטע פערזאָן מערצאָל.

## געניטונג 9. אַ שפּיל אין גראַמען

לאָמיר דורכפירן אַ שפּיל אין גראַמען. מען קען עס מאַכן אויף צוויי אופנים:

א) דער קלאַס טײלט זיך אײן אין צוויי גרופּעס און די בײדע גרופּעס פאַרמעסטן זיך, יעדער וואָס געפינט אַ גראַם גיט צו אַן אײנס פאַר זײן גרופּע און לסוף זעט מען, וואָסער גרופּע האָט געוואונען;

ב) אָדער דער לערער הײבט אָן און ווענדט זיך צו אַ שילער מיט אַ וואָרט וואָס ער דאַרף דערצו געפינען אַ גראַם; געפינט ער, ווענדט ער זיך מיט אַן אַנדער וואָרט צו זײנעם אַ חבר, יענער צו אַ דריטן און אַזוי ווײטער. ווער עס קען ניט געפינען קײן גראַם פאַלט אַרויס, דער לעצטער וואָס בלײבט איז דער געווינער.

הײנטיקס מאָל וועלן מיר אָבער אָפּרײדן בײ זיך, אַז מע מעג נעמען אַ גראַם נאָר פון ווערבן אין דער צווײטער און דריטער פערזאָן אײנצאָל (איצטיקע צײט). אויב מע גיט אַ גראַם פון אַן אַנדער מין וואָרט פאַלט מען אַרויס פון שפּיל; מע קען אַפילו אָפּרײדן, אַז מע ווערט דערפאַר עקסטרע באַשטראָפט – מיט אַ פאַנד.

כדי איר זאָלט קענען אָפּהיטן אַזאַ שווערן תנאי, האָט איר דאָ אונטן אַ פּעקל ווערטער וואו איר וועט צווישן זײ געפינען אַ סך וואָס גראַמען זיך. זײ שטײען דאָ אויסגעשטעלט אין סדר פון אלף־בית. שטעלט זײ איבער, שרײבט זײ איבער נאָכן גראַם נאָך (און אַגב באַטראַכט פון וואָסער ווערב די פאָרמען נעמען זיך). אַז איר וועט האָבן דורכגעפירט די אַרבעט, לײגט אַוועק די העפטן און נעמט זיך צום שפּיל.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| באַוועגט | דעקט | מײדט | קלײבט | שפּײט |
| באַמיט | דרײט | מעסט | קלעפּט | שרײבט |
| בײסט | האָסט | נײט | קנײפּט | שרײט |
| בינדט | הוסט | נײסט | קנעט | שרעקט |
| ביסט | היט | ניסט | רײבט | |
| בלײבט | הײסט | עסט | רײט | |
| בלאָזט | הינקט | פּלאָגט | רײסט | |
| בליט | הענגט | פּרעסט | רינט | |
| בעט | וויגט | פאַרגינט | רעדט | |
| בענקט | ווײזט | פאַרגעסט | שווײגט | |
| בריט | ווײט | פּליט | שטײט | |
| ברענגט | ווײסט | פּרעגט | שיסט | |
| גיט | ווײסט | פּרעסט | שיקט | |
| גײט | ווינקט | צווינגט | שלאָגט | |
| גײסט | וועבט | ציט | שליסט | |
| גיסט | וועגט | צינדט | שמידט | |
| גליט | וועקט | ציסט | שמײסט | |
| גלעט | זאָגט | קײט | שנײדט | |
| גריסט | זיגט | קײסט | שפּינט | |
| דינט | זידט | קלאָגט | שענקט | |

## דער װערב שטימט מיטן סוביעקט אין פּערזאָן און צאָל

### געניטונג כב.

לאָמיר זיך װענדן צו א שײנעם פאָלקסליד:

אױפֿן בריק, איבערן בריק
פליען טױבן פאָרן (2 מאָל),
כ'האָב נאָך גאָר קײן נחת ניט געהאַט ) 2
זײנען אװעק מײנע יונגע יאָרן ) מאָל

שפּאַנט זשע מיר, ברידער, די שװאַרצע פערד,
לאָמיר לױפן, פאָרן (2 מאָל)
אפשר װעל איך נאָך קאָנען דעריאָגן ) 2
מײנע יונגע יאָרן. ) מאָל

איך האָב דעריאָגט מײנע יונגע יאָרן
אױף דעם ברײטן בריק (2 מאָל:
- יאָרן, יאָרן, קערט זיך אום ) 2
כאָטש אײן געסט צוריק ) מאָל

- נײן, נײן, מיר װעלן ניט גײן
עס איז ניטאָ צו װעמען (2 מאָל)
האָטטו אונדז יונגערהײט ) 2
ניט געזאָלט פאַרשעמען! ) מאָל

- -
-

מיר האָבן דאָ אלע דרײ פּערזאָנען אין בײדע צאָלן און מיר זעען דאָ װידער, אז די פאָרעם פון פּערזאָן און צאָל בײם װערב איז אָפּהענגיק פון סוביעקט: איז דער סוביעקט די ערשטע פּערזאָן אײנצאָל - איז אױך אזױ דער װערב; איז דער סוביעקט צװײטע פּערזאָן אײנצאָל און אזױ װײטער.... בקיצור רופט מען עס אָן: דער װערב שטימט מיטן סוביעקט אין פּערזאָן און צאָל.

### געניטונג כג.

דאָ פעלן די ענדונגען פון װערב ( פון דער צװײטער פּערזאָן, אױך פון אנדערע פּערזאָנען) שטעלט ארײן די געהעריקע ענדונגען (פון י.ל.פּרצעס „זיבן גוטע יאָר"):

- הער, טוביה, דיר איז באַשערט געװאָרן זיבן גוטע יאָר, זיבן יאָר פון מזל און גליק און אוצרות געלט. װענד... זיך עס אָבער אָן דיר, װען דו װיל... האָבן די גוטע יאָר. װיל... - װעט דיר אױפשײנען דײן מזל נאָך דעם הײנטיקן טאָג, און אײדער עס װע... אונטערגײן די זון, װאָס שטײ... דיר איבערן קאָפּ, װע... קאָנען אָפּקױפן גאַנץ טורבין מיט דער סביבה, אָבער נאָך זיבן יאָר װע... צוריק װערן אן אָרעמאַן װי דו בי... געװען. און װיל... - װעט די גוטע, געבענטשטע צײט קומען ערשט צום סוף פון דײנע יאָר, און דו װע... אװעקגײן פון דער װעלט דער גרעסטער גביר.

- װײס... װאָס, ליב דײטשל, אױב דו מײנ... עס ערנסט מיט מיר, און דו פרעג... מיך באמת, מוז איך דיר זאָגן, אז איך בין זיך

נוהג בײַ יעדער זאַך װאָס קומ... מיר פאָר, זיך אָן עצה האַלטן מיט מײַן װײַב סערל.

-גײ, מײַן ליבער מאַן, און זאָג דעם דײַטשל, אַז דו װילסט... די זיבן גוטע יאָר אױף דער רגע.

-רעכן נאָך איבער, טוביה, הײַנט בײַ... אַ מענטש מיט כּוח און קאָנ... פאַרדינען. װאָס װעט זײַן שפּעטער, אַז דו װעסט... עלטער װערן און װע... זײַן אַ יוֹרד, און אַזױ פיל כּוח צו דער אַרבעט װע... אױך נישט האָבן?

און די זיבן גוטע יאָר האָבן זיך ניט אױסגעלאָזט כּל זמן טוביה און זײַן װײַב סערל האָבן געלעבט.

<u>שטעלט אַרײַן די געהעריקע ענדונגען פון די װערבן</u>

<u>געניטונג 12</u>.

1. אַ ליגנער גלײַב... קײנעם נישט. 2. איטלעכער מאָרגן ברענג...

נײַע זאָרגן. 3. אַ חכם עס... כּדי ער זאָל לעבן, דער נאַר לעב...

כּדי ער זאָל עסן. 4. שטיל װאַסער גראָב... טיף. 5. אַ קאַרגער

זופּ... יױך מיט אַ גאָפּל און טרײַסל... נאָך אָפּ. 6. װאָס מע רעד...

בײַ טאָג דאָס חלומ... זיך בײַ נאַכט. 7. װער עס ליג... אױפֿן

אױװן דער קריג... ניט קײן בײגל. 8. פאָטערס און מוטערס ברכה

ברענג... דעם קינד הצלחה. 9. קוק אַראָפּ, װע... װיסן װי הױך

דו שטײ... 10. װאָרן איז דעם װאָס טראָג... און װײס...

- טראָג... דער װעלט אַ ביסל טרײסט.

(די ערשטע נײַן זאַצן זײַנען שפּריכװערטער, דער צענטער זאַץ פון י. פיכמאַנס אַ ליד)

באַטראַכט די אונטערגעשטראָכענע װערבן, דערמאָנט זיך װעגן די הילכיקע און טעמפּע קלאַנגען.

<u>קראַפט און זאַפט פון זאַץ ליגט אין װערב</u>

<u>געניטונג 13</u>.

געװײנלעך האָט יעדער זאַץ אַ װערב. מען קען ניט זאָגן אַז עס מוז זײַן אַ װערב (דערמאָנט זיך אַ שפּריכװאָרט: „קלײנע קינדער קלײנע פרײדן, גרױסע קינדער גרױסע לײדן"), אָבער די גװאַלדיקע, גװאַלדיקע מערהײט זאַצן האָבן װערבן. װען מע נוצט דעם ריכטיקן װערב, באַקומט דער זאַץ די אמתע קראַפט און זאַפט.

לײדער נוצן מיר צו פיל אַזעלכע װערבן װאָס זײַנען <u>ענלעך צו אָפּגעריבענע מטבעות</u>, װערבן האָט מע חזרט זײ <u>אַזױ אָפט איבער</u> אַז פון זײער אינהאַלט איז שױן גאָרנישט געבליבן. דאַרף מען זיך מיען צו נוצן װערבן

פינקטלעכערע, גענויערע, בעסער צוגעפּאַסטע צו דער סיטואַציע.

אַז רעדט איר אָדער איר שרײַבט אַלץ „זאָגט" און „זאָגט". צענדליקער מאָל „זאָגט" און „זאָגט". דאָס דערעסט, עס ווערט איבעדריסיק, עס איז ניט שיין. און עס זײַנען פאַראַן אַזוי פיל ווערטער וואָס קענען פאַרבײַטן אַט דעם איבעריקן „זאָגט"; דאָס זײַנען ניט נאָר סינאָנימען ווי: מאַכט ער, דערציילט ער, רעדט, טענהט, נאָר אויב עס איז אַ פראַגע – דאַרף מען ניט פרעגן אַזאַ פּשוט וואָרט ווי פרעגט, אויב עס איז אַן אויסרוף, קען מען אַנשטאָט „זאָגט" אַרײַנשטעלן – רופט ער אויס. אַ מאָל איז גוט אַנשטאָט „זאָגט" ער – ער ליינט, ער באַרויִקט, ער פאַרנײַנט, ער באַשטעטיקט, ער שטעלט אַרײַן אַ וואָרט, ער הערט איבער; פאַראַן פאַלן ווען עס איז פאַסיק צו ניצן גאָר אַנדערע ווערטער ווי: בײַזערט ער זיך, שמייכלט ער, לאַכט ער, צעזינגט ער זיך, געזעגנט זיך, בעקעט ער אַרויס, ברענגט ער אַרויס, שווערט ער זיך, וואָרנט ער און נאָך אַנדערע.

בקיצור, דער זעלביקער ווערב דריקט אויך אויס דעם אופן פון זאָגן, די שטימונג, די געפילן פון דעם וואָס זאָגט, צום טייל דעם אינהאַלט פון דעם וואָס ער זאָגט.

יעדערער פון אײַך קלײַבט זיך אויס אַ וואָרט אָדער אַן אויסדרוק וואָס קען פאַרבײַטן דעם „זאָגט" און קלערט צו אַ פּאַראַגראַף פון 3-4 זאַצן, וואו ער זאָל קענען אַנווענדן זײַן וואָרט.

## געניטונג 14.

א) אַנשטאָט קומט גייט אַן אַנדער וואָרט.

1. ער קומט גיך אַהיים. 2. דאָס וואַסער קומט אַרײַן אין קעלער. 3. איך קום צום ציל. 4. ער קומט אַרויס פון הייל. 5. ער קומט אַראָפּ פון בוים. 6. איך קום צום זיידן. 7. זי קומט אַרויס פאַרן עולם. 8. ווען וועט ער קומען נענטער צו אונדז? 9. ער קומט ביז צו דער טיר און שטעלט זיך אָפּ. 10. ער איז געקומען דורך די פײַנדלעכע רייען מיט אַ וויכטיקער ידיעה.

ב) אַנשטאָט גייט – אַן אַנדער וואָרט:

1. ער גייט גיך. 2. ער גייט פּאַמעלעך. 3. דער רויך גייט שוין אַרויס דורך די פענצטער. 4. ער גייט נענטער צו מיר. 5. ער גייט ווײַטער און ווײַטער פון מיר. 6. זי גייט אַרום אַהין און אַהער און ווערט גאָרניט פאַרמאַטערט. 7. וואָס גייסטו אַרום אַ גאַנצן טאָג אָן אַרבעט? 8. ער גייט זיך אַרום אין אַוונט איבער דער גאַס. 9. ער גייט אַראָפּ פון די בערג אין טאָל אַרײַן. 10. אַ גאַנצן טאָג זײַנען מיר געגאַנגען העכער און העכער, מיר זײַנען שוין געווען כמעט אַ מייל איבער דער איבערפלאַך פון ים.

\- \- \-

דאָ האָט מען געקענט אַנווענדן אַזעלכע ווערטער: נידערט, שטײַגט, קריכט, אײַלט זיך, דערנענטערט זיך, דערווײַטערט זיך, דרינגט אַרײַן, רײַסט זיך דורך, דערגרייכט, טרעט אַרויס, שפּאַצירט, שלעפּט זיך אַרום, דרייט זיך אַרום און אַנדערע.

## צוטראַכטן צוויי ווערבן-סינאָנימען צו די געגעבענע סוביעקטן

### געניטונג 15.

1. דער הונט - בילט און האַווקעט.
2. די זון - ברענט און בראָט.
3. דער ווינט.............................
4. דאָס פערד.............................
5. דער עראָפּלאַן...........................
6. דאָס קעצעלע...........................
7. דער דאָקטער...........................
8. דער וועג...............................
9. דער ים...............................
10. דער שטערן...........................
11. דער פייער-לעשער.....................
12. מיין חבר.............................

און אָט האָט איר ווערבן אויף אויסצוקלייבן פון זיי: נאַשט, שפּיגלט זיך, שוועבט, ברומט, לעקט, וואָיעט, יאָגט זיך, באַטראַכט, לויפט, פליט, הערט אויס, שלענגלט זיך, גלאַנצט, דרייט זיך, קריכט, פּאַרטיידיקט, קלעטערט, העלפט, שנייט, פינקלט.

### געניטונג 16.

אין יעדער ריי האָט איר ווערבן-סינאָנימען. דער ווערב וואָס איז ניט קיין סינאָנים פּאַסט זיך ניט אַריין אין דער ריי, שטרייכט אים אויס:

1. גייט, איילט זיך, יאָגט זיך, לויפט, טרויערט.
2. בריט, ברענט, באַליידיקט, בראָט, סמאַליעט.
3. מיט זיך, טראַכט, אַרבעט, האָרעוועט, פּראַצעוועט.
4. שווערט זיך, באַמערקט, באַגעגנט, טרעפט, שטויסט זיך אָן.
5. קייט, צינדט, עסט, פרעסט, בייסט.
6. ליידט, פּלאָגט זיך, מאַטערט זיך, בלאָזט, פּייניקט זיך.
7. באַקוקט, קלייבט, זוכט, באָדט זיך, פאָרשט.
8. רעדט, ווענדט זיך, פרעגט, זאָגט, פליסט.

9. טרײבט, יאָגט, זינגט, שטויסט, שטופּט.

10. רײסט, פאַרזיכערט, באַשטעטיקט, זאָגט צו, שווערט זיך.

11. לאַכט אויס, מאַכט חוזק, נעמט ניט ערנסט, איז פרײנדלעך, שפּאַט אָפּ.

12. טראַכט, קלערט, מײנט, האָט אין זינען, לאַכט אויס.

<u>גענײטונג 17.</u>

א) אנשטאָט <u>איך דענק</u> דאַרף מען זאָגן:

1. <u>איך מײן</u> — איך מײן אַז עס איז געווען אַ פעלער.
2. <u>איך קלער</u> — איך קלער אַז עס איז דאַך געווען אַ פעלער.
3. <u>איך רעכן</u> — איך רעכן אַז עס איז געווען אַ פעלער.
4. <u>מיר דוכט זיך</u> — מיר דוכט זיך אַז עס איז דאַך געווען אַ פעלער.
5. <u>איך טראַכט</u> — איך טראַכט, אַז עס איז געווען אַ פעלער.
6. <u>איך האָב אין זינען</u> — איך האָב אין זינען, אַז אײן פעלער האָבן מיר שוין געמאַכט.
7. <u>עס פאַלט מיר אײן</u> — עס פאַלט מיר אײן, אַז עס איז דאַך געווען אַ פעלער.
8. <u>איך האַלט עס פאַר אַ</u> — איך האַלט עס פאַר אַ פעלער.
9. <u>אפשר</u> — אפשר, דאָס איז דאַך געווען אַ פעלער.
10. <u>אַ סברה</u> — אַ סברה אַז עס איז דאַך געווען אַ פעלער.

און נאָך

<u>גיט נאָך בײשפּילן גענױט זיך אין נוצן די אויסגערעכנטע</u> <u>ווערטער וואָס פאַרבײטן „איך דענק".</u> דאָס בעסטע איז קײן מאָל ניט צו זאָגן „איך דענק" סײדן ווען איר רעדט וועגן פילאָזאָפן און פילאָזאָפיעס, וועגן <u>דענקערס</u> און זײערע <u>סיסטעמען</u>.

ב) אנשטאָט <u>„איך גלײב"</u> דאַרף מען זאָגן:

1. <u>איך מײן</u>
2. <u>איך טראַכט</u>
3. <u>איך רעכן</u>
4. <u>איך בין זיכער</u>
5. <u>מיר דוכט זיך</u>
6. <u>איך בין איבערגעצײגט</u>
7. <u>איך קלער</u>

און אנדערע.

<u>איך גלײב</u> באַנוצט נאָר יעמאָלט ווען עס רעדט זיך וועגן <u>גלײבן</u> אין עפּעס.
קלערט צו בײשפּילן מיט די איבערגערעכנטע אויסדרוקן וואָס פאַרבײטן דעם „איך גלײב".

ג) קײן מאָל ניט זאָגן <u>„איך גלײך"</u> ווען מע דאַרף זאָגן:

1. <u>איך האָב ליב</u> (מע מעג אויך זאָגן איך האָב האָלט)
2. <u>מיר געפעלט</u>
3. <u>איך בין אַ בעלן אויף</u>...
4. <u>איך וויל</u>
5. <u>איך וויל גרײלעך</u>
6. <u>איך טו מיט חשק</u>
7. <u>איך האָב חשק צו</u>

אַ פּאָר בײשפּילן:
1. מיר <u>געפעלט</u> דער מאַלצײט, איך האָב זײער <u>ליב</u> קרעפּלעך.

2. ווי געפעלט דיר די ארבעט? איך טו זי מיט חשק.
3. איך בין א בעלן צו הערן דעם זינגער, איך וויל גריילעך קריגן א בילעט צום קאָנצערט.
4. איך וואָלט געהאט חשק צו מאכן א ווייטע רייזע, איך האָב ליב ארומצוואנדערן, איך בין א בעלן צו זען ווייטע געגנטן.

קלערט צו נאָך אזעלכע ביישפילן.

געניטונג 18.

זעצט איבער אויף יידיש:

a) 1) I don't like him, I don't like his way(אופן) of acting.
2) We like to go to the theatre, we like to see the play.
3) What would you like to do this evening? I shouldlike to stay(בלייבן) at home.
4) Would you like to hear a story about little Red Riding Hood?(רויטהיטעלע)
5) I like travelling by (מיט)train.
6) I like coffee, I like tea, I like the boys, the boys like me.
7) He would like to fly to her, if he only had wings.
8) Of all the months of the year I like the month (of) May best.
9) They will have to do it (דארפן טאָן) whether they like it or not
10) I should like (וועלן) to be there if I could come.

b)
1) I think you are right. (גערעכט)
2) Do you think this sentence is correct?
3) I think he will be here this evening.
4) I think of going (צו פארן)to Florida next winter.
5) We thought the Giants were going to win. (וועלן געווינען)
6) I thought that a European war was going (וועט)to break out soon.
7) I think tennis is quite a nice sport. (א גאנץ פיינער)
8) They think it is impossible for us to understand the new idea.
9) Do you think we are going to have a lot of homework this year?
10) I think it is wise not to talk too much.

די ערשטע און צווייטע קאָניוגאציע

געניטונג 19.

א) לאָמיר נעמען דאָס שפריכוואָרט:
1. דער וואָס פרעגט בלאָנדזשעט ניט.

מיר האָבן דאָ צוויי ווערבן: פרעגט, בלאָנדזשעט.ביידע זיינען זיי אין דער דריטער פערזאָן איינצאָל. אָבער אין צווייטן פאל האָבן מיר פאר דער ענדונג -ט אן „ע”. אָט ד ער „ע” איז פאראן אין אלע פערזאָנען: איך בלאָנדזשע, דו בלאָנדזשעסט און אזוי ווייטער.

נאָך א ביישפיל:
2. אז עס איז ניטאָ קיין פלייש גריזשעט מען ביינער.

א דריטער ביישפיל:
3. פיינטע האָרעוועט א גאנץ לעבן און שטארבט אן אָרעמאן.

ב) בײגט אין אלע פּערזאָנען: איך גריזשע... איך האָרעװע...

אָט די װערבן װאָס האָבן אן ע אין אלע פּערזאָנען פון דער איצטיקער צײַט געהערן צו דער צװײטער קאָניוגאַציע. אלע אנדערע װערבן געהערן צו דער ערשטער קאָניוגאַציע.

און אָט איז אן אײַנפאכער סימן:

אויב די ערשטע פערזאָן אײנצאָל אין דער איצטיקער צײט ענדיקט זיך אויף אן ע, האָבן מיר שוין דעם ע אומעטום, און דער װערב געהערט צו דער צװײטער קאָניוגאַציע.

ג) קוקט זיך צו צו די װערבן און באשטימט צו װאָסער קאָניוגאַציע זײ געהערן:

פון מאָרים ראָזנפעלדס „אויפן בוזעם פון ים"

עס טרעשטשעט דער מאסטבוים, דער זעגל- ער ציטערט,
דאָס רוישיקע װאסער איז מוראדיק טיף.
עס קעמפן מיט צאָרן, עס שטרײטן פארביטערט
אויף טויט און אויף לעבן דער ים מיט דער שיף.

עס ליארעמט דער װינט און עס הײבן זיך כװאליעס.
עס הודזשעט, עס פילדערט מיט שרעק און מיט גרויל.
דער שטורעם דער גזלן װיל אומברענגען אלעס
דער תהום עפנט אויף זײַן פארשלאָסענע מויל.

עס ליארעמט דאָס װאסער, די װעלן - זײ זשומען.
עס װאָיעט, עס מיאוקעט משונה דער װינט.
עס סאָפּעט דער קעסל, עס הודזשעט דער קוימען.
דאָך אונטן די צװײ, זעט, זײ שװײַגן אצינד.

## גענימונג 20.

א) פאר װאָס געהערט, זע, זעט צו דער ערשטער קאָניוגאַציע?

ב) טײלט אײַן די װערבן אין צװײ גרופּעס נאָך די קאָניוגאַציעס נאָך:

ארבעט, באגזלט, גנבעט, דרײט, האָרעװעט, הוידעט זיך, זיפצט, זשאלעװעט, חלומט, טרײסלט, טרעט, כליפּעט, כראָפּעט, מאטערט זיך, מוטשעט זיך, מסרט, פּראצעװעט, קװיטשעט, קוילעט, קלעטערט, שטײט.

## גענימונג 21.

דאָ פעלן די װערבן פון דער צװײטער קאָניוגאַציע. זײ זײַנען אויסגערעכנט אונטן. פּאסט פון זײ צו און שרײַבט אַרײַן.

1. דאָס קינד װײנט ביטער און ............. אָן אן אויפהער.
2. דער אלטער שלאָפט און ............. איבער דער גאנצער שטוב.
3. דער אָרעמאַן מאטערט זיך, ער ............. נעבעך.
4. ער איז א מיאוסער מענטש: ער ............. און גזלט.
5. װאָס איז מיט דיר? װאָס שרײַסטו? װאָס ...............?

6. דער קארגער פארגינט זיך ניט, ער ..............דעם גראָשן.

7. די קינדער וויגן זיך און ............. זיך און האָבן הנאה.

8. הערט זיך צו ווי עס קלאפּט, ווי עס ...............

9. דער ווינט רוישט, קלאפּט, פּײפט, צײטנווײז............. ער ווי א בײזע חיה.

10. וואָס זשע דרײסטו זיך ארום, וואָס ..............ארום אָן שום ציל?

און אָט זײנען די ווערבן:

קוויטשעסטו, בלאָנקעסטו, מוטשעט זיך, כראָפּעט, וואָיעט, כליפּעט, טראסקעט, גנבעט, זשאלעוועט, הוידען.

## געניטונג 22.

### פאָרענדיקט

1. פון א פאָלקסלידל

בײ דעם שטעטל שטײ... א שטיבל
מיט א קלײנעם דאך,
און ארום דעם שטיבל וואקסן
בײמעלעך א סך.
און דער טאטע און די מאמע,
חנהלע מיט מיר
שוין א לאנגע צײט אין אײנעם
וואוינען אלע פיר.
און דער טאטע ארב...ארב...
אלע יאָרן זײנע,
און ער קויפ... אונדז
און ער ברענג...אונדז
זאכן שײנע, פײנע.

קויפ... א פעחל וואָס סע הירזש...
מיט דעם נאָמען מוציק,
קויפ... א הינטל וואָס סע האווק...
מיט דעם נאָמען צוציק.
קויפ... א גאנדז מיט א ווײסן
האלדז,
פעדערלעך ווײס ווי שנײ,
קויפ... א הון וואָס קוואָק...,
קוואָק...
ביז זי לײג... אָן אײ.

2. מאָטל דעם חזנס באשרײבט דאָס פאָרן מיט דער באן.

פאָרן מיט דער באן איז א גן־עדן! מיט דער פור איז אויך ניט שלעכט, נאָר סע טרײסל... און די זײטן טוען נאָך דעם ווײ. אין וואגאָן איז אזוי ענג אז מע קען דערשטיקט ווערן. נאָר פאר מיר זאָרג... זיך נישט; מיר איז גוט. מע קוועטש... מיך טאקע פון אלע זײטן. איך שטײ אָבער בײם פענצטער. פאר מײנע אויגן פליען שטיבער, בײמער, פעלדער - ס'איז ניט צו באשרײבן! און ווי אזוי פלי... די באן! און ווי אזוי קלאפּן די רעדער! ווי אזוי טראסק... דאָס! ווי אזוי פּײפּ... דאָס! ווי אזוי קוויטש... דאָס!

## געניטונג 23.

א) ווען מע וויל שאפן א ווערב וואָס גיט איבער א קלאנג, לײגט מען גע־ווײנלעך צו צום קלאנג א „ק" און דער ווערב געהערט צו דער צווײטער קאָניוגאציע:

1. א הון אײדער זי לײגט אָן אײ גײט זי ארום און גיט ארויס קלאנגען ענלעך צו קוואָ־קוואָ.
א הון קוואָקעט

2. ווען א הינטל בילט, איז עס ענלעך צו די קלאנגען האוו־האוו.
א הינטל האווקעט

3. א ציג מאכט מע, א ציג ...........

4. א קאץ מאכט מיאו, א קאץ ...........

5. א קראָ מאכט קרא, א קראָ ...........

6. א פראָש מאכט קווא, א פראָש ...........

7. א טויב מאכט מרז, א טויב ...........

8. ווען עס קלאפּט, עס פּילדערט, הערט מען קלאנגען ענלעך צו טרם, טראם, עס ...................

9. ווען א קינד שטייט צו צו דער מומער און בעט רק און האלט אין איין זאָגן נו, נו, הייסט עס דאָס קינד ..........................

10. ווען עמעצער מאכט בע,בע, רעדט ניט קיין קלאָרע דיבורים - בעקעט ער!

קלערט צו נאָך א פּאָר בײשפּילן מיט נאָכמאכן קלאנגען.

ב) בײם באצײכענען קלאנגען קומט ניט אלע מאָל ארײן דער קוף:

דער ווינט וואָיעט, דער לײב רעוועט, דאָס פערד הירזשעט, דאָס קינד קוויטשעט.

ג) ביז איצט האָבן מיר בײם נאָכמאכן קלאנגען געהאט צו טאָן מיט ווערבן פון דער צווײטער קאָניוגאציע. אזוי איז עס געװײנלעך בײ אַט די ווערבן. אָבער דאָך:

דער הונט בילט, דער בער ברומט, דער האָן קרײט.

געניטונג 24.

ייִדיש פאַרמאָגט ווערטער וואָס שטאַמען:
1. פון אמאָליקן דײטש, מיטלדײטש.
2. פון העברעיש.
3. פון סלאַווישע שפּראַכן.

די ווערבן פון אמאָליקן דײטש געהערן אלע צו דער ערשטער קאָניוגאציע. די ווערבן פון העברעיש קענען געהערן צו דער ערשטער אָדער צו דער צווײטער קאָניוגאציע. די ווערבן פון סלאַווישע שפּראַכן געהערן צו דער צווײטער קאָניוגאציע.

טײלט אײן די װײטערדיקע ווערבן אין די דרײ גרופּעס נאָך זײער אָפּשטאַם נאָך:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| בינדט | העגגט | חברט זיך | מוטשעט | קוויטשעט |
| בלאָנדזשעט | הרגעט | חנפעט | מוסרט | קוילעט |
| בלײבט | וואָיעט | חשבונט | מסרט | קלײדט זיך |
| גנבעט | וועגט | חתמעט | משפּט | קנײפּט |
| גזלט | ווענדט זיך | טאָגט | סודעט זיך | שיכּורט |
| גריזשעט | זידט | טענהט | פּועלט | שמידט |
| דאגהט | זינקט | יאָגט | פּטרט | שענקט |
| האָרעװעט | זשאלעוועט | כליפּעט | פּראַצעוועט | |
| הוידעט זיך | | כראָפּעט | פרעגט | |

וואָטערע קלאַנגען טרעפן זיך אָפט אין די ווערבן וואָס שטאַמען פון סלאַוויש?

## גענימונג 25. פּרעפיקסן און ווערבאַלע צוגאָבן

א) לאָמיר באַטראַכטן די ווייטערדיקע שפּריכווערטער און אין זיי די ווערבן:

1. אַז מע לעבט - דערלעבט מען אַלץ.
2. אַז מע רעדט - דעררעדט מען זיך.
3. אַ קלאַפּ פאַרגייט, אַ וואָרט באַשטייט.
4. אַז די רייפן צעשפּרינגען, צעפאַלט זיך די גאַנצע פאַס.
5. איך זוך ניט און געפין - גלייב ניט.
6. אַ קלוגער הייבט זיך ניט אָן, אַ פּחדן אַנטלויפט, אַ נאַר קריגט געבראָכן די ביינער.

דאָ האָבן מיר ווערבן מיט פּרעפיקסן וואָס טײלן זיך ניט אָפּ פון די ווערבן. עס זײנען פאַראַן 6 פּרעפיקסן (קלערט צו נאָך בײשפּילן פון ווערבן מיט די פּרעפיקסן)

אַנט-- אַנטלויפט .............

באַ-- באַשטייט .............

גע-- געפינט .............

דער-- דערלעבט .............

פאַר-- פאַרגייט .............

צע-- צעפאַלט .............

אַלע אַנדערע פּרעפּאָזיציעס אָדער צוגאָבן וואָס שאַפן אַײן וואָרט מיטן ווערב הייסן ווערבאַלע צוגאָבן.

ב) דער אַקצענט קען ניט קומען אויף דעם פּרעפיקס; דער אַקצענט קומט אויפן ווערבאַלן צוגאָב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| פאַרגיין - | אויפגיין ; | פאַרגייט | גייט אויף |
| באַשטיין | אויפשטיין | באַשטייט | שטייט אויף |
| דערלעבן | אויסלעבן | דערלעבט | לעבט אויס |
| צעפאַלן | פונאַנדערפאַלן | צעפאַלט | פאַלט פונאַנדער |

ג) אין דער איצטיקער צייט פון ווערב ווייזט זיך אַרויס דער אונטערשייד צווישן פּרעפּאָזיציע און ווערבאַלן צוגאָב. אַ ווערב מיט אַ פּרעפּאָזיציע בלײבט אײן גאַנץ וואָרט, בײ אַ ווערב מיט אַ צוגאָב, טײלט זיך דער צוגאָב אָפּ און קומט נאָך דעם ווערב.

צושטעלן דעם פּאַסיקן ווערב מיטן זעלביקן שטאַם, אָבער מיט אַ געהעריקן ווערבאַלן צוגאָב:

1. די זון פאַרגייט - די זון .............
2. ער דעררעדט זיך צום עיקר, ער ........ זיך ...... דאָס האַרץ.
3. איך פאַרפיר ניט , איך ............ אויפן ריכטיקן וועג.

4. ער באטראכט זיך, ער טראכט .......... די גאנצע פראגע.

5. דער עולם צעגייט זיך, דער עולם ........... זיך .........

6. דער פּחדן אנטלויפט, לויפט ............

די צוגאבן זיינען: <u>דורך</u>, <u>אויס</u>, <u>אוועק</u>, <u>אויף</u>, <u>פונאנדער</u>, <u>ארויף</u>.

<u>באמערקונגען</u>: 1. מיט גע־ האבן מיר נאר אזעלכע געווינט, געפינט, געלינגט – ווערבן וואס אן גע־ זיינען זיי ניטא.
2. <u>זיך</u> קומט פארן ווערבאלן צוגאב

<u>וואו איז דא א פּרעפיקס? וואו איז דא א ווערבאלער צוגאב?</u>

<u>געניטונג 26</u>.

1. א שלימזל פאלט אויפן רוקן און צעברעכט זיך די נאז.
2. די צונג פארפירט דעם מענטשן צו גליק און צו אומגליק.
3. דאס אויג דערציילט וואס דאס הארץ מיינט.
4. פון חדר זאגט מען ניט אויס.
5. אז אן ארעמאן פארדינט און א גביר דערלייגט – איז עס נאך ניט גלייך.
6. אז מע צעטרעט א ווארעם, קרימט ער זיך אויך.
7. אז מע נעמט אראפ די סמעטענע, בלייבט די זויערמילך.
8. אז דער קרעמער בארעכנט ניט די קראם בארעכנט די קראם דעם קרעמער.
9. א קעכין פארטיילט זיך ניט.
10. ברעכט א רינג, צעריסט זיך די גאנצע קייט.
11. אמת קומט ארויס ווי בוימל אויפן וואסער.
12. ווער עס גרייט ניט אן ערב שבת דער האט ניט אויף שבת.
13. פון ברויט אנטלויפט מען ניט.
14. וואס דער טויבער דערהערט ניט דאס טראכט ער זיך אויס.
15. ווי מע וויגט זיך איין – אזוי שלאפט מען.

<u>אן אלטע פאלקס־מעשה</u>

<u>געניטונג 27</u>.

(וואו עס איז ווי ניט איז מעגלעך פארבייט די פארגאנגענע צייט מיט דער איצטיקער; וואו דאס איז בשום אופן ניט מעגלעך לאזט די פארגאנגענע צייט):

אין די צייטן פון צווייטן בית־המקדש האט געלעבט אין ירושלים א באשיידענער און א פרומער מענטש. ווען עס פלעגט ניט גיין קיין רעגן, פלעגט ער תפילה טאן. זיין תפילה האט תמיד געהאלפן. געהייסן האט דער וואונדערלעכער מענטש אבא חלקיה.

איין מאל זיינען געקומען צו אים צוויי חכמים, געשיקטע פון די איבעריקע, און האבן געוואלט אים בעטן, ער זאל תפילה טאן אויף רעגן. זיי זיינען אנגעקומען צו אים אהיים. דארטן האבן זיי אים ניט געטראפן. זיינען זיי אוועקגעגאנגען אין פעלד און זיי האבן באמערקט ווי ער שטייט אין פעלד און צעגראבט די ערד. האבן זיי אים געגריסט, האט ער נישט אפגעענטפערט. האבן זיי באשלאסן אפצווארטן. האבן זיי געזען ווי ער האט דורכגעארבעט דעם גאנצן טאג און אפילו זיך ניט אומגעקוקט אויף זיי.

פאר נאכט האָט אבאַ חלקיה אַנגעקליבן שפענער און ארויפגעלייגט זיי מיטן גראָבאַייזן אויף איין פלייצע און דעם מאנטל אויף דער צווייטער, און אוועקגעגאנגען א בּאָרוועסער אהיים. ווען ער איז געקומען צו אַ וואסער, האָט ער אָנגעטאָן די שיך. ווען ער פארבייגעגאנגען דערנער, האָט ער אויפגעהויבּן די קליידער. אזוי זיינען זיי אים נאָכגעגאנגען ביז ער איז אָנגעקומען אהיים. אין דער היים האָט ער זיך צוגעזעצט עסן און ניט פארבעטן די געסט מיטצועסן. ביים עסן האָט ער אָפּגעבּראָכן ברויט פאר זיינע צוויי זין, האָט ער דעם עלטערן אָפּגעגעבּן דעם קלענערן חלק און דעם יינגערן דעם גרעסערן חלק.

נאָכן עסן האָט אבאַ חלקיה אוועקגערופן זיין ווייב אין א זייט און זיי בּיידע זיינען ארויפגעגאנגען אויפן בּוידעם. די בּיידע חכמים האָבּן נאָכגעקוקט וואָס זיי טוען. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין איין ווינקל און די ווייב אין א צווייטן. די חכמים האָבּן באמערקט, אז דער לויטערער הימל ווערט פארצויגן מיט א וואָלקן. דער וואָלקן איז פריער אָנגעקומען פון דער זייט, וואו עס האָט געהאט זיך אוועקגעשטעלט די ווייב.

ווען אבאַ חלקיה איז אראָפּגעגאנגען פון בּוידעם, האָט ער זיך געווענדט צו זיינע געסט און צווישן אים און זיי איז פאָרגעקומען אזא שמועס:

- צו וואָס זייט איר געקומען?

- די חכמים פון ירושלים האָבּן אונדז אריינגעשיקט צו דיר מיט דער בּקשה, דו זאָלסט בּעטן אויף רעגן.

- געלויבּט איז גאָט וואָס האָט געמאכט, איר זאָלט ניט דארפן אָנקומען צו מיר. איר זעט: דער הימל איז שוין באדעקט מיט וואָלקנס. אין גיכן וועט אָנהייבּן רעגענען.

- מיר ווייסן אז די וואָלקנס זיינען אָנגעקומען צוליב דיין תּפילה. מיר בּעטן נאָר דו זאָלסט אונדז דערקלערן, פאר וואָס דו האָסט זיך אזוי מאָדנע אויפגעפירט. פאר וואָס האָסטו ניט אָפּגעענטפערט אונדזער באגריסונג?

- איך בּין געווען א לוין-ארבּעטער, געארבּעט בּיי יענעם אויפן טאָג. האָבּ איך ניט געהאט רעכט צו פארלירן יענעמס צייט.

- פאר וואָס האָסטו אויסגעלייגט די שפענער און דאָס גראָבּאַייזן אויף איין פלייצע און דעם מאנטל אויף אן אנדער פלייצע?

- איך האָבּ דעם מאנטל אנטליען, האָבּ איך אים ניט איינגעמאכט.

- פאר וואָס בּיסטו דעם גאנצן וועג געגאנגען בּאָרוועס און גראָד ווען דו בּיסט צוגעקומען צו א וואסער האָסטו אָנגעטאָן די שיך?

- איך האָבּ געקוקט וואו איך האָבּ געשטעלט די טריט, אָבּער אין וואסער זעט מען ניט, קען מען זיך צעבּיילן.

- ווען דו בּיסט פארבּייגעגאנגען דערנער האָסטו אויפגעהויבּן די קליידער. פאר וואָס?

- ווען א לייבּ צערייסט זיך - פארהיילט זיך, ווען קליידער צערייסן זיך - פארהיילן זיי זיך ניט.

- פאר וואָס האָסטו זיך צוגעזעצט עסן און אונדז ניט פארבּעטן מיטצועסן?

- וויל דאָס בּרויט וואָלט ניט געקלעקט פאר אלעמען, און גלאט יוצא זיין

האָב איך ניט געוואלט.

-פאר וואָס האָסטו דעם ייִנגערן אָפּגעגעבן דעם גרעסערן חלק?

- דער ייִנגערער האָט זיך א גאַנצן טאָג געלערנט.

- פאר וואָס האָסטו נאָכן עסן ניט אָנגעפרעגט אונדז די סיבה פון אונדזער קומען?

- איך האָב אַליין פארשטאַנען.

- פאר וואָס האָט זיך אויפגעהויבן דער וואָלקן פריער פון דער זייט וואו דיין פרוי האָט זיך אוועקגעשטעלט?

- ווייל די פרוי גיט אן אָרעמאַן ברויט - האָט ער גלייך הנאה אויפן אָרט. איך אָבער גיב א נדבה געלט, קען דעם אָרעמאַנס הנאה נישט זיין באַלד אויפן אָרט.

<u>די איצטיקע צייט קען רופן אנשטאָט דער פארגאַנגענער צייט.</u>
<u>די איצטיקע צייט קען רופן אנשטאָט דער קומעדיקער צייט.</u>

<u>געניטונג 28.</u>

מיר האָבן אָקערשט געזען, ווי מע קען דערציילן וועגן דער פארגאַנגענער צייט און נוצן דערביי די איצטיקע צייט. עס איז שטענדיק אזוי. דאָס טרעפט זיך זייער אָפט אין געשפרעכן, ביים לעבעדיקן דערציילן, ביים באַשרייבן.

פרואווט ווייטער ציִען דעם פאָדעם פון דער דערציילונג. איר האָט דאָ די אָנהייבן:

1. נעכטן - קום איך צו אים. טרעף איך אים ניט אין דער היים. זעץ איך זיך צו וואַרטן. פּיט א מאָל זע איך ווי עס קומט אריין .........

2. האָט איר א מאָל געזען א פארמעסטונג פון זעגלשיפלעך? עס איז זייער אינטערעסאַנט. אונדזער קאָמפּאַניע איז ארויסגעפאָרן מיט א שיף. מיר שטעלן זיך אָפּ אין מיטן אָזערע. פון אייבערדעק פון אונדזער שיף זעען מיר .........

3. די טעג בין איך אוועק זיך באָדן אין ים. ווען איך בין צוגעקומען צום ברעג, זע איך ס'איז א טומל, מענטשן לויפן ארום, מע שרייט. איך גיי צו נענטער, ערשט...........

4. עס איז געווען אין מיטן נאַכט. איך בין געשמאַק געשלאָפן. פּלוצלונג וועקט מיך אן אומגעווייִנלעכער טומל אויפן גאַס. איך כאַפּ זיך אויף און גיי צו צום פענצטער..........

5. מיר האָבן זיך גוט צוגעגרייט צו פאָרן כאַפּן פיש. מיר זיינען אויפגעשטאַנען זייער פרי. ווען מיר קומען צום שיפל.........

6. די פארשטעלונג האָט געמאַכט אויף מיר א שטאַרקן איינדרוק. ווי נאָר עס עפנט זיך דער פאָרהאַנג, באַווייזט זיך..........

7. מיר שטײען בײם װאסערפאל ניאגארא......

8. מיר זײנען געװען אויף דער װעלט־אויסשטעלונג. מיר גײען פון אײן פאװיליאָן אין צװײטן, מיר זעען........

9. װען איך האָב געלײענט װעגן דער טרויעריקער פאסירונג, האָב איך זיך אלץ קלאָר פאָרגעשטעלט װי דאָס איז פאָרגעקומען. אָט זע איך...........

10. טאטע־מאמע זײנען געװען אװעקגעגאנגען. איך און מײן ייִנגערע שװעסטער זײנען געװען אין דער הײם. הערן מיר, מע קלינגט. לויפט מײן שװעסטערל עפענען...........

## געניטונג 29.

זעצט איבער אויף ייִדיש (עס דאַרף זיך באקומען די איצטיקע צײט!)

1. How long have you been studying Yiddish?
2. I have been studying it for the last five years.
3. How long have you been here?
4. I have been here for more than an hour.
5. How long have you been doing this work?
6. I have been doing it for (במשך) the last few months.
7. How long have you been looking at this picture?
8. I have been looking at it (for) half an hour.

- -
-

װאָס פאר אַן אויספיר קען מען דערפון מאכן װעגן נוצן די איצטיקע צײט?

## געניטונג 30.

אָט אזוי קומען אָפט פאָר געשפרעכן. מערקט זיך:

1. – װען קומט ער?
– איך װײס ניט, אפשר קומט ער מאָרגן.
– נײן, מאָרגן קומט ער אװדאי ניט. װען גוט, קומט ער די נײע װאָך, אניט נאָך שפּעטער.
– מילא, װען ער קומט, װעלן מיר אים גוט אויפנעמען.

- -
-

2. – װאו איז ער?
– ער איז אָקערשט איצט ארוים. װען דו יאָגסט אים גלײך נאָך, דעריאָגסטו אים.

- -
-

3. הלװאי גײסטו צו אים! הלװאי לערנסטו זיך אָפּ פון אים! הלװאי װערט ער דײן חבר!

- -
-

4. – זאָל איך בעטן בײ אים א ביסל געלט?
– אװדאי, ער לײט, ער העלפט.

5. ווען איך וועל זיין אין שטאָט, גיי איך אריין צו אים. ווען איך וועל ריידן מיט אים, פּועל איך ביי אים.

6. (ביים שפּילן שאַך אָדער דאַמקעס): גיי איך אַהין - גייט ער אַהער, גיי איך אַהער - גייט ער אַהין.

בכן, די איצטיקע צייט דריקט אויס ניט נאָר איצטיקייט. די איצטיקע צייט דריקט אויך אויס באַשטענדיקייט. א כלל וואָס איז גילטיק פאַר אלע צייטן דריקט מען אויס אין דער איצטיקער צייט. אין שפּריכווערטער קומט געוויינלעך די איצטיקע צייט.

די איצטיקע צייט קען קומען אנשטאָט דער קומעדיקער צייט, באזונדער ווען מע וויל לעבעדיקער ארויסזאָגן, ווען מע וויל ווייזן אז עס וועט געווים, אויף זיכער פּאַסירן.

מערקט זיך די אויסדרוקן מיט הלוואי

קלערט צו נאָך אַזעלכע געשפּרעכן וואו אנשטאָט דער קומעדיקער צייט זאָל מען נוצן די איצטיקע.

געניטונג 31.

אונדזער חבר פּיניע
פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס"

מערקט זיך דאָ אומעטום די איצטיקע צייט:

1. אונדזער חבר פּיניע עסט אויך מיט אונדז. ער איז דאָך פון תמיד א פאַרטראַגענער. דער קאָפּ פּליט ביי אים. נאָך פון זינט מיר פאָרן קיין אמעריקע, איז ער גאָר צעדולט. אַזוי זאָגט אויף אים די מאַמע. אין הויז איז ביי אים פּאַרקאַטשעט ארויף, אין זאַק אראָפּ, דאָס האַלדזטיכל שפּאַרט שוין אָן אויף יענער זייט. און קומט ער אריין צו אונדז אין שטוב, אַזוי מוז ער כאַפּן א זעץ אין שטערן. אלע מאָל האָט צו אים מיין מאַמע די זעלבע טענה:

-דו זעסט דאָך אז דו ביסט הויך אויסגעוואַקסן, בייג מען זיך איין א ביסל.

-ער האָט א נידעריקע ראיה, מאַמע.

אַזוי פאַרענטפערט אים מיין ברודער אליהו.

2. זען פּיניען קושן זיך - דאַרף מען ניט קיין טעאַטער. מחמת ער האָט א נידעריקע ראיה, טרעפט ער ניט וואו מע דאַרף. אָדער ער קושט אין באָרד אריין, אָדער אין שפּיץ נאָז, אָדער ער גיט זיך גאָר א בוצקע אין שטערן. דערצו האָט ער א טבע, אז ער גייט - שפּרינגט ער אונטער און פאַרטשעפּעט זיך ביי זיינע פיס (שלום עליכם)

געניטונג 32.

א) פאַר וואָס קומען שפּריכווערטער כמעט שטענדיק אין דער איצטיקער צייט?

ב) פאַר װאָס איז דאָ די איצטיקע צײט אין מאָריס ראָזענפעלדס „מײן ײנגעלע"?

...איך שטײ בײ זײן געלעגערל
און זע און הער און — שאַן
א טרוים באַװעגט די ליפּעלעך:
„אַ װאו איז, װאו איז פּאַפּ?

איך קוש די בלױע אײגעלעך,
זײ עפּענען זיך: „אַ קינדן!"
זײ זעען מיך, זײ זעען מיך
און שליסן זיך געשװינד...

ג) פאַר װאָס קומט שטענדיק די איצטיקע צײט אין אזעלכע זאצן:

„דער לײב איז די שטאַרקסטע חיה", „גאָלד איז טײערער פון זילבער"?

- -

-

זעצט איבער אויף ײדיש (איצטיקע צײטן)

1. The girl is drinking cold milk.
2. We are eating white bread.
3. An old woman is sitting in the room.
4. The grandfather is smoking a large pipe.(גרויסע ליולקע)
5. The dog is sleeping and snoring. (to snore - כראָפּען)
6. It is a cold winter evening and a fire is burning on the hearth. (קאַמין)
7. The grandmother is telling a beautiful story. (מעשׂה)
8. The children are listening.
9. It was the story of Little Red Riding Hood. (רויטהיטעלע)
10. The children are thinking (טראַכטן)of the little girl and the big hungry wolf.

געניטונג 33.

קוקט זיך צו צו דער איצטיקער צײט:

א זומערטאָג

(פון מענדעלע מוכר־ספרימס װערק „פישקע דער קרומער")

דער הימל איז בלוי, לויטער אָן א פּיצל װאָלקן. די זון בראָט, סמאַליעט. עס װײט נישט קײן װינטעלע, מע פילט נישט קײן לופטעלע. די תבואה אויף די פעלדער, די בײמער אין די װעלדער שטײען שטיל, װי צוגעשמידט, קײן שאָקל אַפילו זיך נישט צו טאָן.

קי אויף פּאַשע ליגן מיד, אויסגעשטרעקט די העלדזער, שאָקלען די אויערן, קײען און מעלה־גירהן. אַנדערע גראָבן אונטער זיך די ערד מיט זײערע הערנער, שאַרן מיט די קאָפּעטעס און רעװען, שרײען פאַר גרויס היץ. דער בוהײ (דער אָקס) פאַררײסט דעם עק, לויפט גאַלאָפּ, װאַרפט דעם קאָפּ אין אַלע זײטן; פּלוצלונג שטעלט ער זיך אַנידער, בײגט אָן דעם שטערן האַרט צו דער ערד, שמעקט, פּאַכט מיט די נאָזלעכער, לאָזט ארויס א ברומען, סאָפּעט און דריגעט מיט די פיס.

לעבן אַן אַלטער, אויסגעקרימטער און האַלב־פאַרדאַרטער װערבע שטײען פערד אײנער אויפן אַנדערן פאַרלײגט די קעפּ, צו מאַכן כאָטש עפּעס א שאָטן, און שמײסן מיט די װײדלען, פּטור צו װערן װי ס'איז פון די בײזע פליגן.

אויף א צװײגל אין דער הײך װיגט זיך א סאָראָקע. ( magpie )

זי זעט אויס פון דער ווײַטנס ווי אַנגעטאָן א ווײַס טליתל, און דאַוונט שאָקלענדיק זיך. זי בוקט זיך, שפּרינגט א ביסל אונטער, גיט א פּאָר מאָל א קלײַן קראַקעלע. זי בלײַבט דערנאָך שטײן אָן לשון, שטרעקט אויס דאָס העלדזל און קוקט, גלאַט אזוי, אין דער וועלט אַרײַן, מיט פאַר־שלאָפענע אײַגעלעך.

אויף דעם גאַנצן וועג איז שאַ־שטיל, מע זאָל דאָס הערן ערגעץ א שאָרך, א פּיפּס, מע זאָל דאָס זען פליענדיק ערגעץ א פויגל. נאָר מיקן (mosquitoes) טראָגן ווי די רוחות זיך אין דער לופט אַרום, פליען טאַנצנדיק פאַרבײַ די אויערן, טוען א גרילץ, א זשוזשע, ראַמען אײַן עפּעס א סוד און באַלד טאַקע מאַרש ווײַטער. נאָר צווישן הײ, צווישן תבואות דאָרט שמוצערן די גרילן (crickets), צימבלען און גײען מיט די טאַצן...

<u>די איצטיקע צייט – אויפן צווייטן אָרט אין סדר פון די ווערטער</u>

<u>געניטונג 34.</u>

א) לאָמיר באַטראַכטן די זאַצן:

| | (1) | (2) | (3) | (4) |
|---|---|---|---|---|
| 1. | דער פעטער | קומט | היינט | צו אונדז. |
| | היינט | קומט | צו אונדז | דער פעטער. |
| | צו אונדז | קומט | היינט | דער פעטער. |
| | היינט | קומט | דער פעטער | צו אונדז. |
| 2. | דער זיידע | פילט זיך | זייער גוט | די לעצטע צייט. |
| | די לעצטע צייט | פילט זיך | דער זיידע | זייער גוט. |
| | זייער גוט | פילט זיך | דער זיידע | די לעצטע צייט. |

ב) לאָמיר פאַרגלייכן יידיש מיט ענגליש:

| | (1) | (2) | (3) | (4) |
|---|---|---|---|---|
| 1. | ער | גייט | אויך | אין שול |
| 2. | איך | גיי (פאָר) | קיין מאָל ניט | אין שטאָט |
| 3א. | אין אַן איבעריאָר | האָט | דער חודש פעברואַר | 29 טעג. |
| 3ב. | דער חודש פעברואַר | האָט | אין אַן איבעריאָר | 29 טעג. |

| | (1) | (2) | (3) | (4) |
|---|---|---|---|---|
| 1. | He | also | goes | to school. |
| 2. | I | never | go | to the city. |
| 3. | In a leap year | the month of February | has | 29 days. |

קענען מיר איצט מאַכן דעם זייער וויכטיקן אויספיר:

אין א דערציילזאַץ קומט געווײנלעך דער ווערב אין דער איצטיקער צייט אויפן צווייטן אָרט אין סדר פון די ווערטער.

בכן, קען מען צווישן סוביעקט און פּרעדיקאַט <u>ניט</u> אַרײַנשטעלן קיין שום אַדווערב, קיין שום באַשטימונג פון פּרעדיקאַט (modifier of the bare predicate)

- -
-

א) גיט נאָך בײשפּילן װאָס זאָלן באַשטעטיקן אָט דעם כּלל.

ב) קלײבט פֿונאַנדער די זאַצן פֿון געניטונג 7 אין אַרײנפֿיר.

געניטונג 35.

שטעלט איבער דעם סדר פֿון די װערטער, אָבער עס זאָלן זײן קאָרעקטע זאַצן

1. מײן חבֿרטע לעבט דעם זומער בײ אונדז. 2. אַזאַ בוך לײען איך מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן. 3. אין טעאַטער פֿירט מען איצט אויף לײוויקס דראַמע. 4. מיר פֿײערן דעם יום־טובֿ פּסח זײער שײן. 5. מיר קלײבן געלט פֿאַר די קרבנות פֿון דער מלחמה.

געניטונג 36.

זעצט איבער אויף ייִדיש; קוקט זיך צו צום װערטער־סדר פֿון די ענגלישע און פֿון די ייִדישע זאַצן.

1. She never goes to the country. 2. I always work hard.
3. In the summer we usually take a trip (מאַכן אַ רײזע) through the United States. 4. We never like to stay (בלײבן) in one place (אָרט) (for) a long time.
5. In this story a Yiddish poet describes the life of a small town.

לאָמיר פֿאַרפֿעסטיקן!

געניטונג 37.

א) בײַט אין דער איצטיקער צײט:
איך װענד זיך, איך טרעט, איך מעסט, איך בלאָנדזשע, איך גרײס זיך, איך הוידע זיך, איך קלײב אָפּ, איך רײד אײן.

ב) פֿאַר װאָס קומט אַ דלד אין: ער צינדט, איר שמידט, זי באָדט זיך, עס מעלדט זיך?

ג) װאָסערע קלאַנגען װערן אַנדערש אַרויסגערעדט אָדער גאָרנישט אַרויסגערעדט (לגבי דעם אויסלײג) אין די פֿאָרמען:
דו מוזסט, דו הײצסט, ער לײדט, זי בינדט, דו לאָזסט, דו צװינגסט, ער קלײבט, זי יאָגט, דו באַנאַרישסט זיך, עס טאָגט, באַװעגט זיך, מײדט אויס, רײבט, דו שװיצסט.

ד) אין װי פֿיל פֿאָרמען פֿון דער איצטיקער צײט קען זײן מעסט? אין װי פֿיל פֿאָרמען בעט?

ה) װעלכע װערבן געהערן דאָ צו דער ערשטער קאָניוגאַציע און װעלכע צו דער צװײטער:

מאָטל דעם חזנס דערצײלט װעגן דער װאַסערשטוב: „גוט איז נאָר אונדזן מיר און דעם קאַפּיטאַן. אויף אונדז בײדן שטײט די גאַנצע װאַסערשטוב, די שטוב מיט אַלע אירע קלײנע שטיבעלעך, מיט דער גאַנצער מאַשינעריע װאָס קלאַפּט און טראַסקעט און הוידעט און פּײפֿט און קרעכצט. (שלום־עליכם)

## געניטונג 38.

מע קען זאָגן: ער באַגייט זיך, ער דערגייט, עס פאַרגייט, עס צעגייט; גייט אויס - גייט ארויס; גייט אָפּ - גייט אראָפּ; גייט אויף - גייט ארויף; גייט איבער - גייט אריבער, גייט אונטער - גייט ארונטער, גייט אײַן - גייט אַרײַן; גייט אום - גייט ארום, גייט צונויף, גייט דורך.

זעט:

א) צי מען קען האָבן די זעלביקע פרעפיקסן און ווערבאלע צוגאָבן מיט די ווערבן: 1. קומט, 2. שרײַבט, 3. קוקט, 4. שרײַט, 5. ארבעט.

ב) קוקט זיך צו צום אונטערשייד צווישן די פּאָרלעך: אויס - ארויס, אײַן-ארײַן און אזוי ווייטער, למשל: מיר גייען איבער פון אײַן פראגע צו דער צווייטער - מיר גייען אריבער די גאס; ער גייט אונטער - ער גייט ארונטער דעם בארג; ער גייט אײַן אויף דעם פלאַן - ער גייט ארײַן אין שטוב.

## געניטונג 39.

אנשטאָט „זאָגט" גיט אַן אנדער וואָרט אָדער אויסדרוק:

1. ער זאָגט אז ער ווייס אלץ. 2. ער זאָגט אז דאָס איז דער בעסטער אופן צו דערגרייכן דעם ציל. 3. ער זאָגט אז מען האָט זיך ניט גוט באַצויגן צו אים. 4. ער זאָגט אז איך מוז גלייך קומען צוריק. 5. ער זאָגט אז מען זאָל אויפהערן אים צו מאַטערן. 6. ער זאָגט אז ער איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך. 7. דער קיניג זאָגט אז מע זאָל באַפרייען די געפאַנגענע. 8. דער לערער זאָגט אז מיר זײַנען דאָס מאָל געווען געראָטן. 9. ער זעט ווי איך קום און זאָגט אז איך דאַרף זיך צואײַלן. 10. ער שווייגט און שווייגט און נאָך דעם זאָגט ער, אז ער איז מיט קיינעם ניט מסכים. 11. מיט א קוויטשעדיקער שטים זאָגט ער אז מיר זאָלן גלייך ארויס פון צימער. 12. ער זאָגט אז אזא צופאַל איז גאָרניט מעגלעך. 13. ער זאָגט אז ער פרייט זיך מיט אונדזער קומען. 14. דער פאָרזיצער זאָגט אז מע מוז ווערן שטיל אַניט, זאָגט ער, וועט ער מוזן שליסן די זיצונג. 15. דער קאַפּיטאַן זאָגט די מאַטראָסן אז די שיף איז אין געפאַר און ער זאָגט אז אלע מוזן זיך אָנשטרענגען מיט די לעצטע כוחות צו ראַטעווען די שיף.

### ריכטיק אָדער פאַלש?

## געניטונג 40.

אויב אלץ איז ריכטיק, שטרייכט אונטער דאָס וואָרט ריכטיק; אויב עס איז אין גאַנצן אָדער טיילוויַיז פאַלש, שטרייכט אונטער דאָס וואָרט פאַלש.

1. ווען עס איז דאָ אַן ע צום סוף פון דער פאָרעם פון דער ערשטער פערזאָן איינצאָל, בלײַבט שוין דער ע אין אַלע פערזאָנען. ריכטיק-פאַלש

2. אין דער איצטיקער צײַט קומט זיך גלייך נאָכן ווערב, פאַרן ווערבאַלן צוגאָב. ריכטיק-פאַלש

3. דער אקצענט פאַלט שטענדיק אויפן פרעפיקס פון ווערב. ריכטיק-פאַלש

4. אַלע ווערבן וואָס שטאַמען פון אַלטע דײַטשישע ווערטער געהערן צו דער צווייטער קאָניוגאַציע. ריכטיק-פאַלש

.5 װאו מע הערט ניט קײן ס, דאַרף מען אױך קײן ס ניט שרײַבן בײַם בײגן װערבן אין דער איצטיקער צײַט. ריכטיק־פאַלש

.6 די װערבאַלע צוגאָבן <u>אײַן</u> און <u>אַרײַן</u> האָבן שטענדיק דעם זעלביקן באַטײַט. ריכטיק־פאַלש

.7 נאָך <u>הלװאי</u> פאַרבײַט מען אָפּט די קומעדיקע צײַט מיט דער איצטיקער. ריכטיק־פאַלש

.8 דער װערב איך זע, דו זעסט... געהערט צו דער צװײטער קאָניוגאַציע. ריכטיק־פאַלש

.9 מע קען אָפּט בײַ א לעבעדיקן דערצײלן פאַרבײַטן די פאַרגאַנגענע צײַט מיט דער איצטיקער. ריכטיק־פאַלש

.10 אַנט, באַ, גע, אָפּ, פאַר, צע, צו - דאָס זײַנען די פּרעפיקסן פון װערבן. ריכטיק־פאַלש

.11 װערבן װאָס מאַכן נאָך קלאַנגען שאַפן זיך מיט דעם צוגאָב „ק" צום קלאַנג און מיט אַן <u>ע</u> נאָכן „ק". ריכטיק־פאַלש

.12 א הילכיקער קלאַנג פון שטאַם װערט שטענדיק אַרױסגערעדט הילכיק אין אַלע פאָרמען פון דער איצטיקער צײַט. ריכטיק־פאַלש

.13 דער פּרעפיקס <u>צע</u> און דער װערבאַלער צוגאָב <u>פונאַנדער</u> האָבן כמעט דעם זעלביקן באַטײַט. ריכטיק־פאַלש

.14 אַנשטאָט צו זאָגן „איך גלײַך" פּאַסט זיך א מאָל צו באַנוצן דעם אױסדרוק „<u>איך בין א בעלן</u>". ריכטיק־פאַלש

.15 אױף אױסצודריקן באַשטענדיקײט נוצט מען די איצטיקע צײַט. ריכטיק־פאַלש

.16 מע קען אַבסאָלוט אַלע מאָל אַנשטאָט דער קומעדיקער צײַט באַנוצן די איצטיקע. ריכטיק־פאַלש

.17 אַלע װערבן פון העברעיש געהערן צו דער ערשטער קאָניוגאַציע. ריכטיק־פאַלש

.18 א װערב מוז שטימען מיטן סובּיעקט אין צאָל און פּערזאָן. ריכטיק־פאַלש

.19 ס'איז באַקװעם און שײן כסדר איבערצוחזרן דעם זעלביקן װערב. ריכטיק־פאַלש

.20 מע דאַרף ניט פאַרגעסן צו שרײַבן אין דער דריטער פּערזאָן אײנצאָל „דט", װען דער שטאַם פון װערב ענדיקט זיך אױף א „ד". ריכטיק־פאַלש

## פון וואָס מענטשן לעבן

### געניטונג 1.

מיר האָבן דאָ נעמען פון מענטשן נאָך זייערע פאַרשיידענע פּראָפעסיעס און באַשעפטיקונגען, נאָך דעם פון וואָס די מענטשן לעבן. לייענט פאַמעלעך די ווערטער און זעט צי איר פאַרשטייט זיי. טאָמער איז אייך א וואָרט אומבאַקאַנט, דערגייט זיין באַדייט און שרייבט צו מיט א בלייער די ענגלישע איבערזעצונג.

| | |
|---|---|
| אַרבעטער | אונטערנעמער |
| אָנגעשטעלטער | באַלעבאָס |
| פּראָפעסיאָנאַל | פאַבריקאַנט |
| אַגענט | קרעמער |
| פאַרמיטלער | פאַרקויפער |
| מעקלער | פעדלער |
| דאָקטער | באַאַמטער |
| אַדוואָקאַט | לערער |
| אינזשענער | פּראָפעסאָר |
| פּאָליציסט | פינאַנסיסט |
| פייער־לעשער | באַנקיר |
| בריוו־טרעגער | סוחר |
| שרייבער | אַקטיאָר |
| זשורנאַליסט | מוזיקאַנט |
| לעקטאָר | טענצער |
| מאָלער | פאַרוואַלטער |
| סקולפּטאָר | בוכהאַלטער |
| אַרכיטעקט | סטענאָגראַפיסט (קע) |
| פּויער | קעלנער |
| פאַסטעך | באַדינער |
| גערטנער | דינסט |
| שיק־יינגל | גנב |
| פּאַק־יינגל | רויבער |
| צייטונג־פאַרקויפער | בעטלער |

### געניטונג 2.

אומעטום אַרבעט מען. פאַראַן פאַרשיידענע אַרבעטער, פון פאַרשיידענע <u>בראַנזשעס</u>. כדי צו באַצייכענען די בראַנזשע, אָדער דאָס געביט, שאַפט מען אָפט <u>צונויפהעפטן</u>, איין וואָרט פון צוויי:

1. אַן אַרבעטער וואָס איז פאַרנומען ביים באַאַרבעטן די ערד הייסט <u>ערד - אַרבעטער</u>;

2. אַן אַרבעטער וואָס אַרבעט אין א פאַבריק הייסט.................

3. אן ארבעטער אין מינען הייסט ..........................

4. אן ארבעטער אין דער טעקסטיל-
אינדוסטריע הייסט ..........................

5. אן ארבעטער אין אן אויטאָ
(מאָביל)פאבריק הייסט ..........................

6. אן ארבעטער פון דעם בויפאך
הייסט ..........................

7. אן ארבעטער אויף דער בינע
הייסט ..........................

8. אן ארבעטער וואָס האָט ניט קיין
פאך און איז פארנומען ביי
שווערער, ביי שווארצער ארבעט הייסט..........................

9. אן ארבעטער וואָס ווערט געדונגען
אויף איין טאָג הייסט ..........................

10. אן ארבעטער וואָס קריגט זיין לוין
יעדער וואָך און ווערט געדונגען
אויף א וואָך הייסט ..........................

11. אן ארבעטער וואָס ארבעט ביי נאכט
הייסט ..........................

12. יעדער ארבעטער וואָס ארבעט פאר
לוין הייסט ..........................

געניטונג 3.

לאָמיר זיך נאָך איינניטן אין שאפן צונויפהעפטן און דערווייל וועלן מיר קענען בעסער באשטימען פארשיידענע באשעפטיקונגען:

1. אן אָנגעשטעלטער אין א קאנטאָר הייסט..........................

2. אן אָנגעשטעלטער אין א באנק הייסט ..........................

3. א מעכאניקער וואָס זיין געביט איז
ראַדיאָ הייסט ..........................

4. א מעכאניקער וואָס זיין געביט איז
עלעקטרע הייסט ..........................עלעקטראָ-

5. א באאמטער ביי דער מלוכה הייסט ..........................

6. אן אונטערנעמער אין דער בוי-
בראנזשע הייסט ..........................

7. א פאבריקאנט וואָס באזיצט א
גלאָזפאבריק הייסט ..........................

8. א פאבריקאנט וואָס באַזיצט
אן <u>אויטאָ</u>(מאָביל)־פאבריק הייסט ....................

9. א <u>סוחר</u> וואָס האנדלט מיט <u>וואלד</u>
הייסט ....................

10. א <u>סוחר</u> וואָס האנדלט מיט <u>תבואה</u>
הייסט ....................

11. א <u>הענדלער</u> וואָס האנדלט מיט <u>תבואה</u>
הייסט ....................

12. א <u>הענדלער</u> וואָס האנדלט מיט
<u>אלטוואַרג</u> הייסט ....................

<u>געניטונג 4.</u>

א) פרואווט אָנרופן נאך באשעפטיקונגען. אפשר ווייסט איר וועגן מאָדנע אָדער זעלטענע פראָפעסיעס. דערציילט פון וואָס עס לעבט אייער פאָטער, אייערע קרובים.

וואָס וואָלט איר אליין געוואָלט זיין? וואָס ווילט איר ווערן?

האָט איר א מאָל שוין פארדינט געלט? פון וואָס?

ב) ווייזט אָן גוטע און שלעכטע זייטן פון פארשיידענע פראָפעסיעס.

ג) לאָמיר לייענען אָט דאָס פאָלקסליד:

-וואָס זשע ווילסטו, וואָס זשע ווילסטו
א שניידער פאר א מאַן?
- א שניידער פאר א מאַן וויל איך ניט,
א שניידערס טאָכטער בין איך ניט,
זיץ איך אויפן שטיין
שטילערהייט און וויין:
אלע מיידעלעך האָבן חתונה,
נאָר איך בלייב אליין!

-וואָס זשע.............
א שוסטער פאר א מאַן?
- א שוסטער פאר א מאַן וויל איך ניט
א שוסטערס טאָכטער........

-וואָס זשע.............
א סטאָליער פאר א מאַן?
- א סטאָליער פאר א מאַן וויל איך ניט,
א סטאָליערס טאָכטער בין איך ניט........

-וואָס זשע.............
א דאָקטאָר פאר א מאַן?

-וואָס זשע ווילסטו, וואָס זשע ווילסטו
א לערנער פאר א מאַן?

א לערנערס טאָכטער בין איך דאָך;
זיץ איך אויף דעם דאַך
און קוק אראָפּ און לאַך!
אלע מיידעלעך האָבן חתונה,
און איך מיט זיי צו גלייך.

## א מלאכה איז א מלוכה

גענייטונג 5.

מיר נעמען זיך צו א ביסל שווערערזאכן. איר האָט דאָ א ריי ווערטער וואָס באצייכענען די מענטשן נאָך זייער פאַך, נאָך דער מלאכה זייערער. ממהמא ווערלן דאָ זיין ווערטער וואָס איר ווייסט נישט. שרייבט צו די ענגלישע איבערזעצונג צו אַט די ווערטער.

| | |
|---|---|
| שניידער | שוסטער |
| וועשניטער | קאמאשן־שטעפער (שטעפער) |
| שמיד | שלאָסער |
| קופערשמיד | פלעכער |
| שפינער | סטאָליער |
| וועבער | טאָקער |
| שטריקער | |
| מוליער | זעצער |
| מאליער | דרוקער |
| | איינבינדער |
| גארבער | קירזשנער |
| רימער | היטל־מאכער |
| זייגער־מאכער | פאָטאָגראף |
| יוועלירער | גראווירער |
| מילנער | פישער |
| בעקער | פורמאן |
| שמוקלער | קצב |
| ביטל־מאכער | שוחט |
| פאריקמאכער (שערער) | פארבער |
| גלעזער | מאָדיסטקע |

גענייטונג 6.

אויב איר וועט אריינשטעלן דאָס ריכטיקע וואָרט, באקומט זיך א שפריכוואָרט. די ווערטער ווערן געגעבן אונטן:

1. ווען נישט א ........... אומזיסט? ווען ער מאכט נישט קיין

קניפּל. 2. ווען דער ...........גייט אוועק, שפרינגט דער הונט

אויפן קלאָץ. 3. אויך מיר א קונץ צו זײן א ............., מע נעמט א טײגל און מע מאכט א בײגל. 4. אז מען איז שולדיק דעם ............., איז מען א בעל־חוב איבערן קאָפּ. 5. אלע......... גײען באָרוועס. 6. דער מענטש איז געגליכן צו א ............., הײנט לעבט ער און מאָרגן שטארבט ער. 7. ווען ניט דער .......... װאָלט דער פריץ ניט געריטן. 8. גאָט באשערט דעם טרינקער זײן װײן און דעם ............. זײן פלאקס. 9. פארשטעל ניט, דײן טאטע איז ניט קײן ............. .

די דורכגעלאָזענע ווערטער: קירזשנער, רימער, בעקער, גלעזער, שנײדער, שוסטערס, קצב, סטאָליער, שפּינער.

גענײטונג 7.

מיר האָבן ביז איצט כמעט אין גאנצן ניט דערמאָנט די פרוי (חוץ דינסט, מאָדיסטקע, סטענאָגראפיסטקע, קעכין). איצט לאָמיר זיך פארנעמען מיט שאפן פרויען־נעמען פון די מענער־נעמען פאר די פארשײדענע פאכן. געװײנלעך באדײטן די דאָזיקע ווערטער די װײב פון דעם מאן און אין דער קלענערער צאָל פאלן די פרוי וואָס פארנעמט זיך מיטן פאך. דאָס זעלביקע וואָרט קען אויך האָבן צװײ באַדײטן: 1) די װײב פון דעם מאן וואָס פארנעמט זיך מיטן פאך און 2) די פרוי וואָס פארנעמט זיך מיטן פאך:

| שנײדער - שנײדערקע | לערער - לערערין | פויער - פויערטע |
| --- | --- | --- |
| שוסטער............ | פישער............ | קצב............ |
| שטריקער.......... | שנײדער........... | סוחר............ |
| שרײבער.......... | שרײבער........... | גנב.............. |
| לערער............ | טענצער........... | באלעבאס.......... |
| טענצער........... | מאלער............ | באאמטער - באאמטע |
| שוחט............ | באדינער.......... | אָנגעשטעלטער....... |
| בעטלער.......... | קעלנער........... | אקטיאָר - אקטריסע |
| קרעמער.......... | וועבער........... | פאסטעך - פאסטעשקע |
| ארבעטער......... | ארבעטער.......... | משרת - דינסט |

גענײטונג 8.

אויב דאָ פאסט זיך ארײן דאָס וואָרט מלאכה שטעלט ארײן מלאכה; אויב

דאָ פּאַסט זיך דאָקטער - שטעלט אַריין דאָקטער.

1. א .......... איז א מלוכה. 2. א בעל-........ שטאַרבט ניט פון הונגער. 3. בעסער דעם בעקער אײדער דעם ..........

4. א ..........איז א פּאַנצער פאַר דעם דלות. 5. די .......... האָט ליב דעם טרונק. 6. אַן אָרעמע.......... .איז אויך א..........

7. דער .......... האָט א רפואה צו אַלץ, אָבער ניט צום דלות.

8. פאַרן.......... און פאַרן אַפּטײקער געפינט זיך שוין.

9. א..............און א קבֿרות-מאַן זײַנען שותפים.

גענימונג 9.

אין „שלמה ר' חיימס" באַשרײַבט מענדעלע מוכר-ספֿרים זײַנע קינדער-יאָרן. ער דערצײלט דאָרטן וועגן דעם ווי ער האָט ליב געהאַט זיך אַרײַנצוכאַפּן צו א בעל-מלאָכה אין שטוב און הנאה האָבן פון דער פרײלעכקײט בעת דער אַרבעט און פון די לידעלעך וואָס מע פלעגט דאָרטן זינגען. ער שרײַבט:

„ווי אָרעם, פאַראומערט דעם בעל-מלאָכהס דירה האָט אויסגעזען פון דרויסן, אַזוי לעבעדיק-פרײלעך איז דאָרט צײַטנווײַז געווען פון די פּועלים בשעת דער אַרבעט. עס שטײט זיך א שטײגער איציק דאָס שנײַדערל מיט א פּרעסל אין דער האַנט איבער א שטיקל אַרבעט, הײבט אָן אויף א קוויטש א מאַרש, צוקלאַפּנדיק צום טאַקט מיטן פּרעסל, און חבֿרה פּועלים, בחורים אַרום טיש, אַרבעטנדיק געשווינדט מיט דער נאָדל, העלפן אונטער, איטלעכער מיט וואָס ער קען.....דאָרט בײַ די פּועלים ווערן אָפּט געזונגען לידלעך, אײגענע אַרבעט טאַקע, וואָס גײען דערנאָך אַרויס אויף דער וועלט, צווישן עולם, פאַלן אַרײַן אין מויל צו מײדלעך, דינסטמײדלעך און באַקומען דעם נאָמען „פאָלקס-לידלעך". דער תּוך פון די לידלעך איז געווען זײער פאַרשידן. ס'איז געווען אַזוינע איבער ליבעס... אויך לידלעך פון א שנור איבער א בײזע שוויגער, פון א יתומה איבער א שטיפמוטער. לידלעך פון יידישע רעקרוטן, ווי זײ געזעגענען זיך מיט אַלע זײערע ליבע פאַרן אַוועקגאַנג אין דינסט אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן... צווישן די לידלעך איז דאָ איבער נגידים, קהלס-לײט, אין וועלכע זײ רעכענען זיך אָפּ פאַר די צרות און לײד, וואָס זײ שטײען פון די לײט אויס א[...]ן לאָזט אויס צו זײער קאָפּ אַל דאָס בײז מיט שאַרפע ווערטלעך און שפּיציקע שטעכווערטלעך. מען קען מיט רעכט זאָגן, אַז בײַ די בעל-מלאָכות האָט געטליעט א פּאָעטישער פונק, זיך געלאָזט פילן א יונגע, פרײַע נשמה, און דערמיט טאַקע לאָזט זיך דערקלערן זײער אומגאַנג ווי חבֿרים מיט קינדער, זײער ליבשאַפט עד היום צו שרײַבער, פּאָעטן".

- -
-

1. זעט, צי איר פאַרשטײט דאָ אַלץ. לײענט פּאַמעלעך דורך א 2-3 מאָל.

2. פּרוּווט איבערדערצײלן, אַרײַננעמענדיק וואָס מער אויסדרוקן פון טעקסט.

3. געפינט דאָ אידיאָמאַטישע אויסדרוקן.

## געניטונג 10.

ס'איז קלאָר אז אין די פאָלקסלידער ווערט זייער אָפט באזונגען (אָדער באקלאָגט) דאָס לעבן פון בעל-מלאכה. ס'איז זייער גרויס די צאָל פאָלקסלידער וועגן בעל-מלאכה. ספעציעל גרויס איז די צאָל לידער וועגן שניידערס. פאר וואָס?

לאָמיר לייענען א פאָר פאָלקסלידער וועגן בעל-מלאכות:

1. א שניידער איז גוט צו זיין

זיץ איך מיר, א פיסעלע איבער א פוס,
און זינג מיר א לידעלע צוקער-זיס.
א שניידער צו זיין איז גאָר אויס די וועלט,
וואוהין ער קומט, פארדינט ער געלט;
אז די יאָלדן וואָלטן זיך וועלן באקלערן,
וואָלטן זיי אלע שניידערס ווערן.
ווער קען ריידן חניפהדיקע רייד?
און ווער קען נייען שיין א קלייד?
און ווער איז טאקע א פיינער יונג?
טאקע איך - משה קלונגן

2. מיט א נאָדל, אָן א נאָדל

דאָס מסתמא קענט איר זינגען:

מיט א נאָדל, אָן א נאָדל
ניי איך מיר בכבוד גדול,
און אז איך האָב א נאָדל מיט א פאָדעם
ניי איך מיר די שענסטע בגדים.
מיט א נאָדל, אָן א נאָדל,
ניי איך מיר בכבוד גדול.

און אזוי ווייטער. אויב איר קענט עס ניט זינגען, לערנט זיך עס אויס!

3. בין איך מיר א שניידערל

בין איך מיר א שניידערל (2 מאָל)
לעב איך מיר טאָג-אויס טאָג-איין
לוסטיק, פריילעך, פיין.
-זאָג מיר, שניידערל
ליבינקער און גוטער,
גיט דיר די נאָדל
גענוג אויף ברויט מיט פוטער?
-איך מאַך א וואָך
צוויי גילדן מיט א דרייער.
איך עס נאָר ברויט,
ווייל פוטער איז צו טייער.

בין איך מיר א שוסטערל (2 מאָל)
לעב איך מיר טאָג-אויס טאָג-איין

לוסטיק, פריילעך, פיין.
-זאָג מיר שוסטערל,
האָסטו וואָס צו קייען?
פעלט דיר אויסעט
קריגסטו וואו צו לייען?
-קיינער לייט נישט,
קיינער גיט קיין ערבות.
איך בין א שוסטער
גיי איך טאקע בארוועס.

בין איך מיר א קרעמערל (2 מאָל)
לעב איך מיר טאָג-אויס טאָג-איין
לוסטיק, פריילעך, פיין.
-זאָג מיר, קרעמערל,
האָסטו מיט וואָס צו האנדלען?
האָסטו אין קרעמל
ראָזינקעס מיט מאנדלען?
-איך האָב אין קרעמל
פאר צוויי גראָשן סחורה.
איך שלעפ דעם דלות
און איך בענטש דעם בורא.

4. ווייסט איר עפּעס נאָך לידער וועגן בעל-מלאכות?

„מיט דעם שווייס פון דיין פנים זאָלסטו עסן ברויט"...

געניטונג 11.

לאָמיר זען, צי מיר פארשטייען אָט די אלע ווערטער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| ארבעט | ארבעטן | פארהארעוועט | פאבריק |
| מי | זיך מיען | פארמאטערט | ווארשטאט |
| הארעוואניע | הארעווען | אויסגעמאטערט | שאפ |
| פראצע | פראצעווען | פארפייניקט | סוועט-שאפ |
| האלצהעקער | גאסן-קערער | קוילן-ברענער | טרעגער |
| וואסער-פירער | שיכפוצער | קוילן-גרעבער | לאסטטרעגער |
| פארשקלאפט | פאריאָגט | מאָגער | הארעפּאשניק |
| פארקויפט | פארשוויצט | בלאס | שווארץ-ארבעטער |
| צוגענאָגלט | פארשמירט | דאר | קולי |
| געצוואונגען | איינגעבויגן | אויסגעצערט | |
| קנעכט | שקלאף | לייבאייגענער | לוין-ארבעטער |

געניטונג 12.

א) וואסערע ארבעטן מיינט איר, זיינען באזונדער שווער? וואס ווייסט איר וועגן סוועטשאפ? וואסערע לידער וועגן סוועטשאפ האט איר געלערנט? וואס ווייסט איר וועגן שלעכטע ארבעט-באדינגונגען דא אין לאנד און אין אנדערע לענדער? וואס האט איר געליענט

וועגן לעבן פון ארבעטסמענטשן אין כינע, יאפאן, אינדיע, אין איצטיקן דייטשלאנד?

ב) שטעלט צונויף קורצע פאראגראפן וואס זאלן שילדערן שווערע ארבעטסבאדינגונגען און זעט אריינצונעמען אין זיי וואס מער ווערטער פון אויבן.

ג) קלערט צו פאראגראפן צו 3-4 זאצן, וואו עס זאלן זיין אט די אויסדרוקן און פראזעס: 1. אנגעוואָרן דאס געזונט, 2. זיך ארויסשלאגן פון די כוחות. 3. ער איז אויסגעגאנגען ביי דער ארבעט. 4. שפייט שוין מיט בלוט. 5. דער שווייס קאפעט פון שטערן. 6. קוים וואס ער שלעפט די מידע פיס.

געניטונג 13.

דא פעלט דער אדיעקטיוו. פאסט צו פון די ווערטער וואס שטייען אונטן:

| | |
|---|---|
| דער ..............שקלאף | דער..............קולי |
| דער..............ליבאייגענער | דער..............שיכפוצער |
| דער..............סוועטשאפ-ארבעטער | דער..............קוילן-ברענער |
| דער..............מעכאניקער | דער..............לאסטטרעגער |
| דער..............וואסער-פירער | דער ..............הארעפאשניק |

פארמאטערטער, גענייטער, אויסגעצערטער, פארשמירטער, איינגעבויגענער, פארקויפטער, פארשוויצטער, קליינשטעטלדיקער, אפגעשמיסענער, כינעזישער.

געניטונג 14.

פאסט צו דעם טוער צו זיין טואונג:

| | |
|---|---|
| 1. דער טרעגער | קוילעט בהמות און עופות. |
| 2. דער זייגער-מאכער | ארבעט ביי ציגל און ליים. |
| 3. דער גארבער | שפינט אויס פעדעם. |
| 4. דער שפינער | פארבט דילן און ווענט. |
| 5. דער שוחט | פארריכט זייגערס. |
| 6. דער מוליער | פירט אן מיט אן אונטערנעמונג |
| 7. דער מאליער | ארבעט אויס לעדער. |
| 8. דער שמוקלער | שלעפט משא. |
| 9. דער קאמאשן-שטעפער | מאכט פארשיידענע באפוצונגען. |
| 10. דער פארוואלטער | מאכט קאמאשן, די אייבערשטע טיילן פון שיך. |

געניטונג 15.

איר האט דא א מוסטער, מאכט נאך דעם מוסטער:

1. א פרוכטקרעמער הייסט א קרעמער וואס האנדלט מיט פרוכט.

2. אן אײזנבאן־ארבעטער..............................
3. א באנק־דירעקטאָר..............................
4. א קוילן־גרעבער..............................
5. א שפּײזקרעמער..............................
6. א שטאָלמאגנאט..............................
7. א בוי־אי נזשענער..............................
8. א פּאפּיר־הענדלער..............................
9. א האָלצהעקער..............................
10. א מילכקרעמער..............................
11. א האפּן־ארבעטער..............................
12. א תבואה־סוחר..............................

גענימונג 16.

א) טעמעס:

פעלדערס אין גאס. דער אלטער פעדלער. אן אלטע פרוי װאָס פארקויפט שיכבענדלעך. פאר װאָס זײנען פאראן א סך ײדישע פעדלערס? דער עמיגראנט אזן פעדלערײ. דער סוף פון דעם פאק. דער מענטש מיטן האנטװעגעלע. דער װאנדערנדיקער ײד און דער װאנדערנדיקער פארקויפער. אויפן ראָג. דער הענדלער מיט אלטװארג.

ב) געדענקט די װערטער: דאָרפסגײער, פאקן ־טרעגער, קאראבעלניק.

האָט איר עפעס װאָס געלײענט װעגן א דאָרפסגײער?

ג) װײסט איר װאָס דאָס הײסט א מארק־זיצערין (אָדער א מארק־זיצערקע)? װאָס הײסט ער האָט א שטעל (א שטעלכל) אויפן מארק?

גענימונג 17.

א) דערצײלט עפעס און נוצט דערבײ אוים אָט די װערטער:

רעסטאָראן, רעסטאָראטאָר, קעלנער, קעלנערין, כלים־װאשער, אויפראמער, קונדן, שיכורים, טרינקערס, עסערס, באר צי שענקטיש, שענק, שענקער, שענקערײ, טרינקגעלט.

ב) דערצײלט עפעס און נוצט דערבײ אוים אָט די װערטער:

קאפּיטאל, פּראָצענטן, הכנסה, אָן ארבעט, לײדיק־גײער, פּוסט־און־

פאסניק, עושר, ירושה, ירשענען, הכנסה, רווח, גרינגע פאר-דינסטן, ווערטפאפירן, סטעקזולירן, אקציעס, בערזע.

ג) דערציילט עפעס און נוצט דערביי אויס אט די ווערטער:

לופטשיף, עראפלאן, אוויאציע, אוויאטאר, פילאט, פאסאזשירן-פארקער, לופטפאסט.

## געניטונג 18.

א) קוקט זיך צו:

1. בעקער - בעקערײ - בעקערײ הייסט די באשעפטיקונג פון בעקער און אן ארט וואו מע באקט;
2. שניידער - שניידערײ- שניידערײ הייסט די באשעפטיקונג, די פראפעסיע;
3. מאלער - מאלערײ - מאלערײ הייסט די באשעפטיקונג פון מאלער און דער רעזולטאט פון דער ארבעט.

קלערט צו זאצן וואס זאלן עס קלאר באווייזן.

ב) איר האט דא א מוסטער, מאכט נאך דעם מוסטער!

1. שניידן - שניידער - שניידערײ
2. מאלן ............ ..............
3. באקן ............ ..............
4. וואשן וועשער ..............
5. לערנען ........... ..............
6. וועבן ........... ..............

- -
-

1. פיש פישן פישער פישערײ
2. פארב ......... ......... .........
3. זאץ זעצן ......... .........

## געניטונג 19.

געדענקט דעם אויסדרוק לעבן פון:

לעבן פון שניידערײ; לעבן פון אייגענער הארעוואניע;
לעבן פון ארבעט; לעבן פון אלעם גרייטן;
ער לעבט פון די טעג; לעבן פון די אייגענע צען פינגער;
גיט צו נאך א פאר ביישפילן.

גענימונג 20.

א) זעט א ריי:

פארקויפער קרעמער הענדלער סוחר

וואס איז דער אונטערשייד צווישן זיי?

לאמיר צוטראכטן צונויפהעפטן:

1. ציימונג -פארקויפער
סאדע-וואסער-פארקויפער
שיכבענדלעך-פארקויפער

2. שפייזקרעמער
מילכקרעמער
פרוכטקרעמער

3. פאפיר-הענדלער
פערדהענדלער
פרוכטהענדלער

4. תבואה-סוחר
וואלד-סוחר
מאנופאקטור-סוחר

- -
-

ב) וואס וועט דא פאסן: פארקויפער? הענדלער? קרעמער? סוחר?

1. ער האט א גרויסן לאגער פון אלטן אייזן. ער איז אן אייזן-
.........

2. ער לעבט פון דעם וואס ער טראגט ארום בייגל צו פארקויפן.
ער איז א בייגל-............

3. ביי אים אין קראם קריגט מען פארשיידענע דעליקאטעסן.
ער איז א דעליקאטעסן-............

4. א סך שפייזקרעמער קויפן ביי אים פארשיידענע שפייז-ארטיקלען.
ער איז א שפייז...............

5. ווי נאר עס ווערט קאלט, גייט ער ארוים מיט זיינע קאשטאנען.
ער איז א קאשטאנען-..............

6. ער פארט ארום איבער די גאסן מיט זיין האנטוועגעלע. ער
איז א פרוכט.................

7. ער פארזארגט א סך פרוכטקרעמער מיט פארשיידענע מינים
פרוכט, ער איז א פרוכט..........

8. גיי קויף א פונט פוטער און א האלבן פונט קעז. גיי
צום מילכ.............

- -
-

ג) עטלעכע שפּריכווערטער:

1. אז מע האנדלט מיט טאַבעק האָט מען א שמעק; אז מע האנדלט מיט האָניק האָט מען א לעק.

2. אז מע האנדלט מיט הערינג האָט מען דעם ריח פון הערינג, אז מע האנדלט מיט געווירצן האָט מען דעם ריח פון געווירצן.

3. א סוחר טאָר קיין הונט ניט זיין, א הונט -א סוחר געווים ניט.

4. א סוחר פאָרט אויף יארידן, א בעטלער גייט צו פוס.

<u>געניטונג 21.</u>

אויסשטרייכן דאָס וואָרט וואָס פאסט זיך ניט אין דער ריי,

1. שקלאָף, לוין-ארבעטער, פּאָליטיקער, לייב-אייגענער, קנעכט.
2. שמיד, בלעכער, שלאָסער, קופערשמיד, תבואה-סוחר.
3. שניידער, קרעמער, שוסטער, קאמאשן-שטעפער, פרעסער.
4. פישער, פארקויפער, קרעמער, סוחר, הענדלער.
5. אגענט, פארמיטלער, מעקלער, מינען-ארבעטער, הענדלער.
6. דאָקטער, שמוקלער, אדוואָקאַט, אינזשענער, פּראָפעסיאָנאַל.
7. אקטיאָר, מוליער, מאליער, סטאָליער, טאָקער.
8. וועש-ניטערין, מאָדיסטקע, דינסט, רביצן, קעכין.
9. שפּינער, וועבער, שטריקער, שניידער, מילנער.
10. שרייבער, זעצער, וואסער-פירער, דרוקער, איינבינדער.
11. פורמאַן, פישער, פארבער, קצב, זשורנאַליסט.
12. האַפן-ארבעטער, טרעגער, מאָלער, קולי, שווארצארבעטער.
13. פויער, זייגער-מאכער, יוועלירער, גראווירער, פאָטאָגראף.
14. פויער, פאסטעך, ערד-ארבעטער, אדוואָקאַט, גערטענירער.
15. זשורנאַליסט, שרייבער, לעקטאָר, פארבער, פּאָליטיקער.

<u>און דו אקערסט און דו זייסט....</u>

<u>געניטונג 22.</u>

א) און דו אקערסט און דו זייסט"...

ווי זינגט זיך עס ווייטער?

ב) פרוגם ליד וועגן ארבעט:

<u>דאָס ליד פון דער ארבעט</u>

א לויב און געזאנג דער מי און דער ארבעטן!
זינגט, גריסט זיי פון הארצן מיט ליבשאפט און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שווייס!

געבענטשט זאָלן זיין דער ווארשטאט, דאָס שפינדל,
דער האמער, די סאָכע, דער סערפ און די זעגן!
די וועלט איז פאר איינעם א בליענדער גאָרטן,
פאר טויזנט - א שווערער, א זומפיקער וועג.

דער סערפ איז פון שטאָל, דער האמער פון אייזן,
קיין צירונג קיין גרויסע זיינען זיי ניט;
אין זיי אָבער ליגט אונדזער קראפט, אונדזער לעבן,
אָן זיי איז אוממעגלעך איין איינציקער טריט.

טאָ לויבט זשע און זינגט דער מי און דער ארבעטן!
זינגט, גריסט זיי פון הארצן מיט ליבשאפט און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שווייס!

<u>געניטונג 23.</u>

1. דער פויער אקערט און זייט. וואָס נאָך טוט דער פויער?
2. דער שניידער ניט און פרעסט. וואָס נאָך טוט דער שניידער?
3. דער שמיד בלאָזט אויף דאָס פייער. וואָס נאָך טוט דער שמיד?
4. דער סטאָליער הובלט די ברעטער. וואָס נאָך טוט דער סטאָליער?
5. דער פישער שלעפט די נעצן. וואָס נאָך טוט דער פישער?
6. דער בעקער שיט מעל. וואָס נאָך טוט דער בעקער?
7. דער שוסטער פארריכט שיך. וואָס נאָך טוט דער שוסטער?
8. דער פאבריקמאכער גאָלט (אָדער ראזירט). וואָס נאָך טוט דער פאבריק-מאכער?
9. דער דאָקטער באטראכט דעם קראנקן. וואָס נאָך טוט דער דאָקטער?

<u>געניטונג 24.</u>

א) פארשטייט איר דאָ אלע ווערטער? אויב דאָ זיינען פאראן ווערטער וואָס איר ווייסט ניט זייער באדייט, דערגייט דעם גענויעם באדייט און שרייבט צו מיט א בלייער די דערקלערונג פון דעם וואָרט אין יידיש אָדער די ענגלישע איבערזעצונג פון דעם וואָרט.

1. אקערן
זייען
פלאנצן
יעטן

2. פאשען
מעלקן
האָדעווען
היטן

3. שמידן
האמערן
קלאפן
בלאָזן

4. אויפבלאָזן
פיילן
אָנגליען
צוליטן

5. שיטן
גיסן
זעצן
קנעטן

6. שטעפן
פרעסן
טרענען
אנפאסן

7. גאלן
שערן
צוואגן

8. טאקן
שניצן
קלעפן

ב) אט האט איר נעמען פון אכט מינים מענטשן נאך זייערע באַ-
שעפטיקונגען:

( שמיד ( ( טאקער ( ( פויער ( ( פאריקמאכער (
( בעקער ( ( שניידער ( ( שלאסער ( ( פאסטעך (

צו יעדער נאמען שטעלט צו די פאסיקע ציפער, נאך זיינע
טואונגען נאך, וואס ווערן דא אויבן אויסגערעכנט.

גענ<u>יטונג 25.</u>

איר האט דא א ריי טואונגען, אויסגעשטעלט אין סדר פון אלף-בית.
<u>סארטירט</u> זיי אין צוויי גרופעס: 1) <u>אין קראם</u>, 2) <u>אין ווארשטאט</u>

אוועקשיקן, איינוויקלען, אנגליען, אפגעבן, געבן אויסגאַב, דינגען
זיך, דערלאנגען, האמערן, וועגן, זעצן, טאקן, מעסטן, פרעסן, פאר-
פאקן, פארקויפן, פילן, צוליטן, צונויפליגן, קויפן, קלאפן, שטעפן,
שניצן.

<u>גענ</u>יטונג 26.

לאמיר [illegible] זיך פארמעסטן. ווער וועט צוקלערן מער ביישפילן?

1. באנייען, באטראכטן, באקלעפן......נאך ווערטער מיט <u>בא</u>-!
2. פארנייען, פארטראכטן, פארקלעפן...נאך ווערטער מיט <u>פאר</u> -!
3. צונייען, צושיקן, צוטראכטן.......נאך ווערטער מיט <u>צו</u>-!
4. אויסגיסן, אויספרעסן, אויסנייען..נאך ווערטער מיט <u>אויס</u>-!
5. איינגיסן, איינשניידן, איינגייען.....נאך ווערטער מיט <u>איין</u>-!

<u>גענ</u>יטונג 27.

זעט, צי מע קען צו די איבעריקע ווערבן אויך צושטעלן די אלע
פרעפיקסן און צוגאבן ווי צום ווארט <u>נייען</u>. זייט דא זייער פארזיכטיק!

| 1. | 2. | 3. | 4. | 5. |
|---|---|---|---|---|
| א) באנייען | א)....קלעפן | א)....קלאפן | א)...גיסן | א)...שיטן |
| ב) פארנייען | ב)........ | ב)......... | ב)....... | ב)........ |
| ג) צונייען | ג)........ | ג)......... | ג)....... | ג)........ |
| ד) איינגייען | ד)........ | ד)......... | ד)....... | ד)........ |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ה) אויסנײען | ה)........ | ה)........... | ה)........... | ה)........... |
| ו)צונויפנײען | ו)........ | ו)........... | ו)........... | ו)........... |
| ז)איבערנײען | ז)........ | ז)........... | ז)........... | ז)........... |
| ח)דורכנײען | ח)........ | ח)........... | ח)........... | ח)........... |
| 6. | 7. | 8. | 9. | 10. |
| א)...דעקן | א)...קויפן | א)...זעגן (?) | א)...שנײדן | א)...ארבעטן |
| ב)........ | ב)........ | ב)........... | ב)......... | ב)......... |
| ג)........ | ג)........ | ג)........... | ג)......... | ג)......... |
| ד)........ | ד)........ | ד)........... | ד)......... | ד)......... |
| ה)...?... | ה)........ | ה)........... | ה)......... | ה)......... |
| ו)...?... | ו)........ | ו)....?..... | ו)......... | ו)......... |
| ז)........ | ז)........ | ז)........... | ז)......... | ז)......... |
| ח)...?... | ח)...?... | ח)........... | ח)......... | ח)......... |

<u>געניטונג 20.</u>

אויסשטרײכן דאָס איבעריקע (אויב עס איז פאראַן איבעריקס!)

1. דער גערטענירער זײט און פלאַנצט און יעט און שנײדט ארום און גליט אָן.
2. דער פאַבריקמאַכער גאָלט און שערט און הובלט און צװאָגט.
3. דער טאַקער שניצט און טאָקט און קנעט און קלעפּט און זעגט.
4. דער פּאַסטעך היט און האָדעװעט און פּאַשעט און שערט און מעלקט.
5. דער שנײדער נײט און מעסט און טרענט און פּרעסט און שטעפּט און פּאַסט אָן.
6. דער שלאָסער פײלט און פּאַסט צו און זעגט איבער און לײט צו און צװאָגט.
7. דער קרעמער װעגט און מעסט און הובלט און פּאַקט אײַן און דערלאַנגט.
8. דער קעלנער באַדינט און דערלאַנגט און גיסט אָן און שניצט און רײניקט אָפּ.
9. דער דאָקטער באַטראַכט און הערט אױס און פאַרפלאַנצט און פאַרשרײבט און פאַרשיט.

10. דער סטאָליער מעסט און זעגט און הובלט און קלעפּט און מאַכט דעם חוב.

גענײטונג 29.

.....„זאָג מײַן פאָלק, וואָס דו פאַרדינסט?!"

- -
-

1. ערלעך לעבן איז שווערלעך לעבן.
2. פון א סך מלאכות ווײניק ברכות.
3. דער עושר שלאָפט און זײַנע רווחים וואַקסן.
4. די וואָס זײען מיט טרערן וועלן שנײַדן מיט פרײדן.

- -
-

1. געבענטשט זײַנען די הענט וואָס טוען אַלײן און די פיס וואָס גײען אַלײן.
2. פון „זיבן גוטע יאָר" (י.ל.פרץ)
„ענטפערט טערל דעם דײַטשל: זײ האָבן קײן מאָל נישט געהאַלטן דאָס גאָלד פאַר זײער אײגנס, ווײל וואָס א מענטש פאַרדינט מיט זײַנע צען פינגער, דאָס איז זײַנס; און אַזוי עשירות וואָס קומט אָן שווײס און אומגעזוכט, איז נאָר א פּקדון וואָס זײַן ליבער נאָמען לאָזט איבער בײַ מענטשן אין די הענט פאַר אָרעמע־לײַטס וועגן"...
3. פון דער תלמודישער אגדה:
א) מע דערצײלט אויף רבי פנחס בן יאיר, אז זינט ער לעבט האָט ער קײן פרעמד שטיקל ברויט אין מויל ניט גענומען און זינט ער איז געקומען צום שכל האָט ער אפילו בײַ זײַן פאָטערס טיש ניט געגעסן.
ב) רבי חנינא בן דוסא האָט געהאַט ציגן. קומט מען צו אים און מע זאָגט: „דײַנע ציגן טוען אָן שאָדן אין פעלד". זאָגט ער: „אויב זײ טוען אָן שאָדן, זאָלן זײ בערן אויפעסן, און אויב ניט, זאָל יעדערע ברענגען א בער אויף די הערנער". אין אָוונט זײַנען געקומען די ציגן און יעדערע פון זײ - מיט א בער אויף די הערנער.

פרעגט מען: ווי קומען ציגן צו אזא קבצן ווי רבי חנינא בן דוסא? און ווי קענען ציגן ברענגען בערן אויף די הערנער?

דערצײלט מען אזא מעשה: אײן מאָל האָט א דורכגײער פאַרגעסן עטלעכע הינער לעבן רבי חנינא בן־דוסאס שטוב. האָט זײַן ווײב די הינער אַרײַנגענומען צו זיך און זײ געגעבן עסן. אָבער רבי חנינא האָט אָנגעזאָגט זײַן ווײב, זי זאָל די אײער ניט פאַרנוצן, ווײל דאָס איז פרעמדס. האָבן די הינער אָנגעלײגט א סך אײער, עס זײַנען אַרויסגעקומען פון די אײער א סך הינדעלעך, און אין שטוב און אַרום שטוב איז פון זײ ניט געווען אויסצושטײן. נעמט רבי חנינא און פאַרקויפט אַלע הינער און קויפט פאַרן געלט

ציגן. אין א צײט ארום איז ווידער פארבײגעגאנגען דער
אײגנטימער פון די הינער און געזאָגט אז ער האָט דאָ א
מאָל פארגעסן זײנע הינער. פרעגט אים רבי חנינא צי
ער קען געבן עפעס אַ סימן. האָט יענער א סימן געגעבן
און רבי חנינא האָט אים געזאָגט: „אויב אזוי, געהערן
אָט די אלע ציגן צו דיר. נעם זײ זיך."

אָט פון וואנעט רבי חנינא האָט א געווײסע צײט געהאָט ציגן
בײ זיך. און אָט וואָסערע ציגן קענען ברענגען בערן אויף
די הערנער!

- -

-

אויב דו עסט די פרוכט פון דײן מי - גוט און וואויל איז
צו דיר.

פון וואָס מענטשן לעבן

- א קלײן ייִדיש-ענגליש ווערטערביכל -

אדוואָקאט - lawyer
אונטערנעמער - enterpriser
אלטווארג - old things
אָנגעשטעלטער - employee
אָנגליִען - to glow
באאַמטער - officer
בוכהאלטער - bookkeeper
בינע - stage
בראנזשע - trade, line
גאָלן - to shave
גארבער - tanner
גלעזער - glazier
גערטנער - gardener
גראווירער - engraver
האנטוועגעלע - push-cart
הובלען - to plane
וועבן - to weave
זײען - to sow
טאָקן - to turn
טאָקער - turner
טרענען - to rip
יעטן - to weed
לײטן - to solder
מאָדיסטקע - milliner
מאָלער - painter
מולער - mason, bricklayer
מינען-ארבעטער - miner
מעקלער - broker
סטאָליער - joiner, carpenter
פאַשען - to pasture, to feed
פועל - worker journeyman
פאך - trade, profession
פארבער - dyer
פארוואלטער - manager
פארמיטלער - mediator
פײלן - to file
פלאנצן - to plant
פלאקס - flax
צוואָגן - to wash and comb the hair
צולײטן - to solder to
קאמאשן-שטעפער - gaiter-maker
קאנטאָר - office
קונד - customer
קירזשנער - furrier, cap-maker
קלאָץ - block, log
קנעטן - knead
קצב - butcher
ראָג - street-corner
רימער - harness-maker
שווארצארבעטער - unskilled worker
שטעפן - to stitch, to quilt
שטריקן - to knit
שלאָסער - locksmith
שמוקלער - lace-maker
שניצן - to carve
שפינען - to spin
תבואה - grain (s)

## דער אימפעראטיוו

### גענייטונג 1.

1. האָרעווע, מײדעלע, וועסטו האָבן א קלײדעלע.
2. פרעג ניט דעם רופא, פרעג דעם חולה.
3. פון ש. פרוגס לויבליד צו דער ארבעט:

סא לויבט זשע און זינגט דער מי און דער ארבעט,
זינגט, גריסט זי פון הארצן מיט ליבשאפט און היים,
געזונט זאָלן זײַן די הענט מיט מאזאָליעס
דער שטערן פון וועלכן עס גיסט זיך א שוויים

(הענט מיט מאזאָליעס - אויסגעארבעטע הענט,
מאזאָליעס - די פארהארטונגען אויף די הענט נאך
פיזישער ארבעט)

א) דער אימפעראטיוו האָט צוויי פשוטע פארמען: האָרעווע - האָרעוועט, פרעג- פרעגט, לויב - לויבט. דאָס איז צווייטע פערזאָן אין איינצאָל און מערצאָל.

די צווייטע פערזאָן מערצאָל פון אימפעראטיוו פאלט צונויף מיט

.......................... פון דער איצטיקער צײַט.

די צווייטע פערזאָן איינצאָל פון אימפעראטיוו פאלט צונויף מיט

.......................... פון דער איצטיקער צײַט.

ב) צי קען מען זאָגן אז איינצאָל אימפעראטיוו פאלט צונויף מיטן שטאם פון ווערב?

### גענייטונג 2.

| איצטיקע צײַט | אימפעראטיוו |
|---|---|
| 1. איך מאַך, איר מאכט | 1. מאַך! מאכט! |
| 2. איך פארמאַך, איר פארמאכט | 2. פארמאַך! פארמאכט! |
| 3. איך צעשנײַד, איר צעשנײַדט | 3. צעשנײַד! צעשנײַדט! |
| 4. איך טרעט אָפּ, איר טרעט אָפּ | 4. טרעט אָפּ! טרעט אָפּ! |
| 5. איך טרײַב אוועק, איר טרײַבט אוועק | 5. טרײַב אוועק! טרײַבט אוועק! |
| 6. איך האָרעווע, איר האָרעוועט | 6. האָרעווע! האָרעוועט! |
| 7. איך חשבון, איר חשבונט | 7. ......................... |
| 8. איך הוידע זיך ............. | 8. ......................... |
| 9. איך קלאָג אָן ............... | 9. ......................... |
| 10. איך חבר זיך ............... | 10. ......................... |

11. איך באָד איך אויס............ 11..............................

12. איך לאָז פונאַנדער............ 12..............................

13. איך בין ............ 13. זײַ ..............................

- -
-

מיר זעען:

א) די פּרעפיקסן טײלן זיך ניט אָפּ פון שטאַם. ווי פיל פּרעפיקסן זײַנען פאַראַן? רעכנט זײ אויס! גיט בײַשפּילן מיט אַלע פּרעפיקסן!

ב) די ווערבאַלע צוגאָבן טײלן זיך אָפּ און קומען נאָכן ווערב. גיט נאָך בײַשפּילן מיט ווערבאַלע צוגאָבן.

ג) זיך שטײט אויפן זעלביקן אָרט ווי אין דער איצטיקער צײַט, צווישן ווערב און ווערבאַלן צוגאָב. גיט אַ פּאָר בײַשפּילן פון ווערבן מיט זיך אין אימפּעראַטיוו.

ד) אין דער צווײטער קאָניוגאַציע קומט דער „ע" צום סוף פון שטאַם, דער „ע" איז פאַראַן אין בײדע פאָרמען: קוויטשע ניט! קוויטשעט ניט!

ה) אַלץ וואָס האָט אַ שײַכות צום אויסלײג פון ווערבן אין צווײטער פּערזאָן מערצאָל פון דער איצטיקער צײַט האָט אַ שײַכות צום אויסלײג פון דעם אימפּעראַטיוו.
(איר רעדט - רעדט; איר בלאָזט - בלאָזט, איר רײַבט - רײַבט, איר זינגט - זינגט; איר בעט - בעט)

ו) אין אויסנעם איז פאַראַן: איך בין - זײַן

גענײטונג 3.

ווען איר וועט אנשטאָט דעם אינפיניטיוו אַוועקשטעלן די געהעריקע פאָרעם פון אימפּעראַטיוו, וועט זיך באַקומען אַ שפּריכוואָרט (אין שפּריכווערטער איז מען אויף דו).

1. (קנײַפּן) די באַקן, די פאַרב זאָל שטײן. 2. אַז מע גיט (נעמען), אַז מע נעמט ניט (שרײַען) גוואַלד. 3. (ניט פליען) הויך, וועסטו/פאַלן נידעריק. 4. וואו מען האָט דיך ליב (גײן) װײניק, וואו מען האָט דיך ניט ליב (גײן) גאָרניט. 5. (רופן) מיך נאָר, נאָר (געבן) מיר לעקעך. 6. (בינדן) מיך אויף אַלע פיר, נאָר (וואַרפן) מיך צווישן מײַניקע. 7. (באַקומען) נײַע פרײַנד און (נישט פאַרגעסן) די אַלטע. 8. (זיך באַראַטן) מיט וועמען דו ווילסט און (טאָן) מיטן אײגענעם שכל. 9. דלות,

(קאָבן) לאָקשן - ניטאָ קײן אײער. 10. (שפּאָרן, שפּאָרן), קומט דער שװאַרציאַר און נעמט צו גאָר. 11. אַז דער מזל איז קלײן - כּאָטש (זיך זעצן) און (װײנען). 12. (ניט זײן) צו זיס, מע זאָל דיך ניט אויפעסן (ניט זײן) צו ביטער, מע זאָל דיך ניט אויסשפּײען.

<u>גענימונג 4.</u>

שרײַב אָן דעם אימפּעראַטיװ פון די װײטערדיקע װערבן:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| לײדן | אויסמײדן | באַקלײדן | גלעטן | אויספרעגן |
| מעלדן | אָפּשנײדן | פאַרבינדן | טראַכטן | אַרויפצװינגען |
| צינדן | צובינדן | אײנלאַדן | היטן | צערײבן |
| רײדן | אַרונטערשינדן | אָנלאָדן | טרײסטן | דורכלאָזן |
| זיך װענדן | צושמידן | צורײדן | מעסטן | פאַרװיגן |

<u>גענימונג 5.</u> <u>די געלערנטע לײט פון אַטען</u> (Athens)

אַן אַלטע פאָלקס-מעשה

(אַנשטאָט דעם אינפיניטיװ שטעלט אַװעק
אײנצאָל אָדער מערצאָל פון אימפּעראַטיװ)

די געלערנטע לײט פון אַטען האָבן זיך געהאַלטן פאַר די קליגסטע אין דער װעלט. דער רוימישער קײסער האָט אויך אַזוי געמײנט און האָט אַ מאָל באַפוילן דעם תּנא ר' יהושע, ער זאָל זיך מיט זײ פאַרמעסטן. ר' יהושע האָט עס אָנגענומען און איז אַװעקגעפאָרן קײן אַטען. דורך קלוגשאַפט האָט ער אויסגעפונען װוּ זײ זײַנען געזעסן, װײל דאָס איז געװען אַ סוד און איז אַרײַן צו זײ.

- װאָס טוסטו דאָ? פרעגן זײ אים.
- איך בין פון די ייִדישע חכמים, ענטפערט ר' יהושע, איך װיל זיך לערנען בײַ אײַך.

- אויב אַזוי, װעלן מיר דיך עפּעס פרעגן.

- (פרעגן), זאָגט ער, װעט איר מיך בײַקומען, מעגט איר טאָן מיט מיר װאָס איר װילט; װעל איך אָבער אײַך בײַקומען, דאַרפט איר עסן מאָלצײַט בײַ מיר אויפן שיף.

- גוט, זאָגן זײ, (אָנהײבן)

- איך בין אײנער, איר זײַט זעכציק, איר (אָנהײבן)

- (אויסבויען) אַ הויז אין דער לופטן!

- גוט, (דערלאַנגען) מיר אַהין לײם און ציגל.

- (אנווײַזן) דעם מיטן פון דער וועלט!
- אט דאָן גיט ר׳ יהושע א שטעל א פינגער.
- פון וואנעט ווײסטו דאָס? פרעגן זײ אים.
- (ברענגען) שטריק און (אויסמעסטן)!
- (נעמען) דעם ברונעם וואָס שטײט אין מיטן פעלד און (ארײַנברענגען) אין שטאָט!
- (אויסדרײען) שטריק פון קלײַען! (bran)
- מיר האָבן צעבראָכענע מילשטײנער, (פארנײען) זײ!
- (אויסדרײען) פאָדעם פון זײ, וועל איך פארנײען.
- א בײט באוואקסן מיט מעסערס - מיט וואָס שנײדט מען?
- מיט א האָרן פון אן אײזל.
- (באקוקן) די אײער און (זאָגן), פון וואנעט זײַנען די הינער?
- (באקוקן) די צווײ שטיקער קעז און (זאָגן) ווי אלט זײַנען די ציגן.
- (דערקלערן) אונדז: ווען א הינדעלע שטארבט אין דעם אײשאָלעכץ, דורך וואנעט גײט ארויס די נשמה?
- דורך דעם זעלביקן ארט וואָס די נשמה איז ארײַן.
- (ווײַזן) אונדז א כלי וואו מע קען עפּעס האלטן און וואָס זאל ניט זײַן ווערט איר מי.
- (ארײַנטראָגן) א מאטע (matting), (צעציען) זי. אויב זי גײט ניט דורך דורך דער טיר (צעהאקן) די וואנט. אט האָט איר א כלי וואָס איז ניט ווערט איר מי.

אזוי האָט ר׳ יהושע געטראָפן אלע רעטענישן פון די אטענער געלערנטע לײט. האָבן זײ געמוזט ארויפקומען צו אים אויפן שיף. האָט ער זײ אלעמען אוועקגעפירט צום רוימישן קײסער.

## <u>זע זשע, זאָג זשע</u>

### <u>געניטונג 6.</u>

אָט האָבן מיר א געמיש פון פאָלקסלידער:

1. צי ווײסט איר ווער איך בין?
   איך בין, איך בין, איך בין?
   צי ווײסט איר ווער איך בין?
   און באלד וועל איך אײַך זאָגן.
   -זאָגט <u>זשע</u>, זאָגט <u>זשע</u>, זאָגט <u>זשע</u> גיכער,
   -זאָגט <u>זשע</u>, זאָגט <u>זשע</u>, באלד, באלד, באלד!
   א קלײן מלמדל, א קלײן מלמדלן

2. זעט זשע, קינדערלעך, געדענקט זשע, טײַערע, וואָס איר לערנט דאָ,
זאָגט זשע נאָך א מאָל און טאַקע נאָך א מאָל: קמץ אלף - אָ.

3. בײַט זשע מיר אויס א פינף-און-צוואַנציקער אויף סאַמע ראָדנע דרײַער
און שפּילט זשע מיר, קלעזמאָרימלעך, א לידעלע א טײַער...

4. רבותי, רבותי, חכמים אָן א ברעגן!
כ'וועל אײַך פרעגן, כ'וועל אײַך פרעגן...
- פרעג זשע, פרעג זשע, פרעגן!
- ענטפערט אַלע אויף מײַן שאלה: ווי טרינקט דער קײסער טײ?...

5. פלי זשע, מײַן פײגעלע, העכער ווי אלע,
גיב אָפּ א גרוס מײַן ליבער כלה.

וואָס זשע באַטײַט דאָ דער זשע בײַם אימפּעראַטיוו?

זשע קען צוקומען צו יעדער אימפּעראַטיוו כדי צו פאַרשטאַרקן א בקשה, כדי אויסצודריקן מער געפיל, אַרײַנצולײגן מער הארץ אין דער ווענדונג.

1. יעדערער קלערט צו א זאַץ וואו עס איז דאָ אן אימפּעראַטיוו מיט זשע.

2. ווען נאָך קען קומען זשע (חוץ באַגלײטן אן אימפּעראַטיוו)? ווען קומט זשע אין א פראַגע?

3. צוקלערן פראַגעס, וואו עס זאָל זײַן זשע.

4. דריקט אויס א טענה צו עמעצן, מאַכט א פאַרוואורף, מוסרט אויס, רעדט אויס אן עוולה, באַמיט זיך אויסצוטענהן, צו פאַרשטײן דעם צווײטן - און איר וועט דערבײַ דאַרפן אָפט זאָגן זשע!

5. ווען איר רעדט אָדער ווען איר שרײַבט, איז זשע בײַ אײַך א צו זעלטענער גאַסט. באַוואָלט זשע ניט אָט דאָס קלײנע און גוטע ווערטעלע. באַמיט זיך אָפטער צו זאָגן זשע ווי ביז איצט.

## דוצן און אירצן

### געניטונג 7.

ווען מע ווענדט זיך צו עמעצן דו - דוצט מען אים,
ווען מע ווענדט זיך צו עמעצן איר - אירצט מען אים.

1. וויל מען אַרויסווײַזן אכטונג, דרך-ארץ צו א מענטשן;
2. איז דער מענטש ניט גענוג אינטים באַקאַנט;
3. איז דער מענטש אן עלטערער - ווענדט מען זיך אויף ײדיש צו אים: איר - אירצט מען אים.

עס איז ניט שײן ווען מע פּלאָנטערט דו און איר אין א פראַגע. עס איז אָבער אָפּט ממש א באַלײדיקונג ווען אין אימפּעראַ-

טיט נוצט מען אײנצאָל, װען מע דאַרף
נוצן מערצאָל. מע מוז זיך אויסלערנען
צו אירצן עלטערע, צו אירצן נים געניג
נאָנטע מענטשן.

א מאָדנע זאַך: אויך ענגליש אירצט מען אַלעמען (חוץ גאָט). װען איר רעדט ייִדיש - דוצט איר גאָר אַלעמען. פאַר װאָס? װײל אין ענגליש איז פאַרשװוּנדן כמעט אין גאַנצן דער אונטערשײד צװישן אירצן און דוצן. האָט איר זיך ניט אויסגעלערנט צו מאַכן דעם אונטערשײד װען איר רעדט ייִדיש. װען איר רעדט ייִדיש, מוזט איר אָבער אירצן עלטערע מענטשן, ניט גענוג אינטים באַקאַנטע מענטשן, מענטשן װאָס איר װילט אויסדריקן אַכטונג צו זײ. און דעם לערער? אויב איר זײט גוטע אַלטע פרײַנד - מעגט איר אים דוצן. אָבער בעסער אירצט אים - איר האָט דערװײל א גוטע געלעגנהײט צו אירצן. לערנט זיך אויפן לערער צו אירצן.

<u>קלערט צו שמועסן</u>

1. אַן עלטערער ייִד זיצט אין פּאַרק און לײענט א ייִדישע צײַטונג, איר װענדט זיך צו אים....

2. איר װילט װאָס זאָגן װעגן א פּראַגע װאָס מע דיסקוטירט אין קלאַס. איר זײט ניט מסכים מיט דער מײנונג פון לערער; איר װענדט זיך צו אים.. ער ענטפערט אײַך...

3. איר װילט װאָס קריגן פון טאַטן, איר װענדט זיך צו אים...

4. דער זײדע איז געקומען צו גאַסט. איר האָט אַ שמועס מיט אים...

5. איר האָט א טענה צום חבר, איר זאָגט אים... ער ענטפערט אַפּ...

6. מע שטעלט אײַך פאָר, איר דאַרפט װאָס זאָגן...

7. איר זײט אין ייִדישן טעאַטער אָדער אויף א ייִדישער אונטער-נעמונג. צװישן ייִדן רעדט איר נאָר ייִדיש. איר פאַרפירט א געשפּרעך מיט אײַער שכן. איר הײבט אָן... ער ענטפערט...

8. איר האָט זיך באַקענט מיט א ייִנגל װאָס איז אָקערשט אַריבער-געקומען פון פּוילן. דאָרטן איז ער געװען א תלמיד פון א ייִדישער שול. גיט איבער אײַער שמועסן (זאָל זיך דער שמועס אָנהײבן אויף איר און נאָך דעם איבערגײן אויף דו)...

9. א ייִדישער שרײַבער איז געקומען אין שול. איר האָט א גע-לעגנהײט צו רײדן מיט אים. איר װענדט זיך צו אים...

10. אפשר קענט איר סתם איבערגעבן אַן אינטערעסאַנטן געשפּרעך װאָס איר האָט מיט עמעצן געהאַט מיט א געװיסער צײַט צוריק.

גענימונג 8.

א) זעצט איבער אויף יידיש:

1. Have you brought the meat which Mother ordered? (באשטעלן)
2. Can you deliver ice tomorrow morning?
3. Will you change your seat with me, please?
4. Pass (דערלאנגען) the butter, please.
5. Let me off at the next station, please (let off - ארונטערלאָזן)
6. Kindly give me the correct change.
7. Do you need my help in crossing (איבערגיין) the street, madam?
8. Don't talk so much!
9. Your lecture (לעקציע) was very interesting tonight, you express your thoughts very clearly. (express - אויסדריקן)
10. Show me your books, please.
11. Will you come with me to the fair (fair - אויסשטעלונג)
12. Will you play a game of tennis with me? (tennis - טעניס)
13. Are you the teacher?
14. Father, where are you?

ב) דערקלערט, פאר וואָס איר האָט אין א טייל זאצן באנוצט „דו"
און אין אַן אנדער טייל זאצן - „איר".

מע קען א פרוּאוו טאָן

גענימונג 9.

דער אימפעראטיוו דריקט אויס א באפעל, א בקשה, א וואונטש. אָבער אומדירעקט איז מעגלעך אפילו עפּעס צו באשרייבן נוצנדיק אימפעראטיוו. אָט לאָמיר זען, ווי ל.קוויטקא באשרייבט אין א קינדערלידל דעם פאר־פסח מיטן מאכן אלצדינג פסחדיק און ווי די נאטור גרייט זיך אויך צום יום־טוב:

1. גלי, שטיינדעלע,
קלאַפּ, העמערל,
לאַך, טייבעלע,
וואַש און רייב
דעם ווינטער אָפּ.

2. קלינג, שטויסעלע,
קנאַק, מצהלע,
שפּיל, ווײַנעלע,
און בענטש
דעם פּסח אונדז.

3. דריי, רעגעלע,
צוויטש, פייגעלע,
שמעק, ערדעלע,
ציר און פּוץ
דעם יום־טוב אויס.

- -
-

אפשר וועט איר פּרוּאוון עפּעס וואָס באשרייבן אָט אויף אזא אומדירעקטן שטייגער?

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן!
פון אברהם רייזען

גענימונג 10.

א) הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פריי באהערשט די וועלט;

ברעכט די צווייגן פון די ביימער,
טוט וואס איך געפעלט.

טרייבט די פייגל פון די וועלדער
און פאריאגט זיי פארט,
די וואס קענען ווייט ניט פליען,
טייט זיי אויפן ארט.
רייסט די לאדן פון די הייזלעך,
שויבן ברעכט אויסן
ברענט א ליכטיקערגעץ טונקל —
לעשט מיט צארן אויס!

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
איצט איז אייער צייט;
לאנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז נאך ווייט!

- -

-

וואס דריקט דא אויס דער אימפעראטיוו? וויל טאקע דער דיכטער,
אז די בייזע ווינטן זאלן הוליען? וועגן וואסער צייט רעדט זיך
דא? קען מען עס אנווענדן אויך אויף אונדזער איצטיקער צייט?

ב) פון ד.עדעלשטאטס א ליד:

שמידט אונדז אין אייזערנע קייטן,
ווי בלוטיקע חיות אונדז רייסט,
איר וועט אונדזער קערפער נאר טייטן,
אבער ניט אונדזער הייליקן גייסט.

1. וואס דריקט דא אויס דער אימפעראטיוו?
2. ווער קען צוקלערן ביישפילן, אז אנשטאט: „אויב דו
וועסט נאר ..." זאל זיין אן אימפעראטיוו?

## לאמיר פריילעך זיין!

געניטונג 11.

ווידער פון פאלקסלידער:

1. לאמיר אלע אין איינעם, אין איינעם דעם רבין מקבל פנים זיין,
לאמיר אלע אין איינעם, לאמיר אלע אין איינעם טרינקען א
גלעזעלע וויין.

2. און אז דער רבי טאנצט, טאנצן מיט די ווענט.
לאמיר אלע פליעסקען מיט די הענט...
און אז דער רבי טאנצט, טאנצט דאך מיט דער טיש.
לאמיר אלע קלאפן מיט די פיס...

3. שפאנט זשע מיר, ברידער, די שווארצע פערד, לאמיר לויפן,
פארן, אפשר וועל איך נאך קאנען דעריאגן מיינע יונגע
יארן.

4. לאמיר זיך געזעגענען, דער „פּאַיעזד" גייט אַוועק...

5. לאמיר פרײלעך זײן! לאמיר טרינקען וויין!

א) וואָס באַטײַט דער לאמיר וואָס קומט אין אײנעם מיטן אינפיניטיוו?

ב) ווי פיל מענטשן דאַרפן זײן צום עקזיסטענץ, מע לאָז קענען זאָגן „לאמיר"?

ג) טראַכט צו פּאַראַגראַפן פון 3-4 זאַצן, וואָס די פּאַראַגראַפן זאָלן זיך אָנהײבן אָדער ערגעץ אין מיטן זאָל זײן „לאמיר".

- -

„לאמיר" הערט מען אָפט און מע באַגעגנט אָפט אין ביכער.

לאמיר מיטן אינפיניטיוו שטעלן צונויף די ערשטע פּערזאָן מערצאָל פון דעם אימפּעראַטיוו.

א סך זעלטענער ווי לאמיר הערט מען און מע באַגעגנט „לאמיך". לאמיך קומט אויך מיטן אינפיניטיוו. לאמיך מיט אינפיניטיוו פאַרטרעטן די ערשטע פּערזאָן אײנצאָל פון דעם אימפּעראַטיוו.

ווען מע זאָגט לאמיר רעדט מען צו אַנדערע, צו חברים, צו אַרומיקע.

ווען מע זאָגט לאמיך רעדט מען אײגנטלעך צו זיך אַלײן, אָדער מע דערצײלט וועגן זיך;

אָט הערט זיך צו צום אָנהײב און טראַכט צו א סוף:

1. לאמיך אײך זאָגן אַז איך האָב אים שוין לאַנג חושד געווען אין...

2. לאמיך אַזוי געזונט זײן ווי איך האָב אים שוין געוואָרנט, ער זאָל ניט ...

3. ווײס איך ניט וואָס צו טאָן. קלער איך זיך: לאמיך אָקאָרשט א פּרוּוו טאָן ...

ווען זשע קומט אויס צו זאָגן לאמיך? ווען אײנער גיט איבער זײַנע אײגענע טראַכטענישן, ווען עמעצער וויל שטאַרק פאַרזיכערן אין עפּעס, וויל צוזאָגן.

קלערט צו א פּאַראַגראַף פון עטלעכע זאַצן, וווּ עס זאָל ערגעץ וווּ דאָרטן זײן לאמיך.

- -

פון לאָזן מיר ווערט לאמיר, פון לאָז איך ווערט לאמיך.

- -

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
שטעל דעם סאַמאָוואַר.
לאָמיר זיך איבערבעטן,
זײַ זשע ניט קײן נאַר.

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
קויף א פּאָר מאַראַנצן,
לאָמיר זיך איבערבעטן,
לאָמיר גײן טאַנצן...

גענימונג 12.

זעצט עס איבער אויף ייִדיש און געט אַז אין יעדער זאַץ זאָל זײַן לאָמיר אָדער לאָמיך.

1. Let us begin to play.
2. Let us all sing together.
3. Let us make the exercises.
4. Let us paint the house.
5. Let me think (א טראַכט טאָן) what I can do.
6. Let us go for a swim (for a swim - זיך באָדן) early in the morning.
7. Let me see whether I can do this crossword puzzle. קרייצוואָרט-רעטעניש
8. Let me try and see whether I can do this work.
9. Let me remind you of our old friendship. (נאָך דערמאָנען דאַרף מען ניט קײן פּרעפּאָזיציע)
10. We should all go together.
11. We should all arrive at the station (סטאַנציע) on time.
12. Let us go to a baseball game.
13. Let us help the needy (נויטבאַדערפטיקן)
14. Let us dance around the fire.
15. We should all go to (אין) the theatre.
16. I am tired, let me rest for a while (for a while - א ווײַלע)

זאָל ערן זאָלן זײַן

גענימונג 13.

שטעלט זיך פאָר, אַז איר זײַט ערגעץ אין א וואַלד, אין א פּאַרשנײַט שטיבעלע. איר זײַט דאָרטן מיט א גרופּע חברים. פּלוצלונג הערט איר עפּעס א גערודער הינטער דער טיר. מע דאַרף אַרויסגײן און זען וואָס עס טוט זיך דאָרטן. זאָגט איר:

1. צו זיך אַלײן, אַז איר אַלײן דאַרפט אַרויסגײן און א קוק געבן.
2. צו די חברים, אַז איר אַלע דאַרפט אין אײנעם אַרויסגײן און א קוק געבן.
3. צו אײנעם פון די וואָס זײַנען מיט אײַך.
4. צו א פּאָר פון די וואָס זײַנען מיט אײַך.
5. וועגן אײנעם, צו וועמען איר ווענדט זיך ניט דירעקט.
6. וועגן עטלעכע, צו וועמען איר ווענדט זיך ניט דירעקט.

- -

די דריטע פערזאָן פון אימפעראטיוו: זאָל ער + אינפיניטיוו
זאָלן זיי + אינפיניטיוו.

## געניטונג 14.

קוקט זיך צו צו די שפּריכווערטער:

1. אז מע קען ניט בייסן, זאָל מען די ציין ניט ווייזן.
2. אלץ זאָל מען קענען, קיין זאַך זאָל מען ניט באַדאַרפן.
3. זיי ניט צו זיס, מע זאָל דיך ניט אויפעסן; זיי ניט צו ביטער, מע זאָל דיך ניט אויסשפּייען.
4. דאָס לעצטע העמד זאָל מען פאַרזעצן, נאָר רייך זאָל מען זיין.
5. מע זאָל ניט דאָס אומריינע וואסער אויסגיסן, ביז דאָס ריינע קומט צו פליסן.
6. פון דעם בער אין וואלד זאָל מען דאָס פעל ניט פאַרקויפן.
7. גנבענען און גזלען זאָל מען — און א פיינער מענטש זאָל מען בלייבן!
8. (ווען אן אלטער באַקלאָגט זיך אויף שוואַכקייט אָדער קראַנקייט) אלטע לייט זאָלן גאָרניט געבאָרן ווערן!

## געניטונג 15.

מע קען אויפשטעלן אזא טאבעלע פארן אימפעראטיוו.

| אייַנצאָל | מערצאָל |
|---|---|
| 1. לאָמיך גיין! | 1. לאָמיר גיין! |
| 2. גיין | 2. גייט! |
| 3. זאָל ער גיין! | 3. זאָלן זיי גיין! |

גיט נאָך א פּאָר בייַשפּילן.

## געניטונג 16.

פּאַסט צו די בייַדע טיילן.

| | |
|---|---|
| 1. זאָל ער ניט ריידן אזוי גיך, | ( ) דער קאָפּ איז שוין דול פון זייערע געשרייען. |
| 2. זאָל ער שוין גיין בייטן די ביכער, | ( ) דאָס איז שוין זיין לעצטע פּאָר. |
| 3. זאָלן זיי זיך אלע זעצן צום טיש, | ( ) מיר זיינען אלע זעלביקע פּשוטע מענטשן, מיר זיינען אלע פון בלוט און פון פלייש. |
| 4. זאָל ער ניט צערייסן די הייזלעך, | ( ) עס וועט זיין א יום־טובֿדיקע פאַרשטעלונג. |
| 5. זאָלן זיי פאַרמאַכן אלע פענצטער, | ( ) זיי מוזן דאָך זיין זייער הונגעריק. |
| 6. זאָלן זיי שוין א מאָל אנטשוויגן ווערן, | ( ) ער זעט ניט ווי מיר האָרעווען אלע? |

| | |
|---|---|
| 7. זאָל ער נעמען א ייִדיש בוכל אין האַנט, | ( ) עס גייסט, עס מבולט אזש! |
| 8. זאָל ער אויך צולייגן א האַנט און העלפֿן, | ( ) מע קען אים קוים פֿאַרשטיין. |
| 9. זאָלן זיי זיך ניט האַלטן אַזוי גרויס, | ( ) ער וועט דאָך פֿאַרגעסן דאָס ביסל ייִדיש וואָס ער האָט געקענט. |
| 10. זאָלן זיי אַלע גוט קענען זייערע ראָלעס, | ( ) ווייל באַלד פֿאַרמאַכט מען די ביבליאָטעק. |

<u>געניטונג 17.</u>

מיר האָבן ביז איצט געהאַט זאָל, זאָלן. אָבער זאָלן איז פֿאַר זיך א ווערב ( אמת א הילפֿסווערב) און בייגט זיך אין אַלע פּערזאָנען. ווי?

שטעלט צונויף א לענגערן זאַץ אָדער א קורצן פּאַראַגראַף און דאָרטן זאָל זיין:

1. דו זאָלסט ניט אַרויסנעמען,
2. איר זאָלט זיך ניט דערוועגן,
3. דו זאָלסט די מינוט אַרויס פֿון דאַנעט,
4. איר זאָלט קומען צו דער צייט,
5. איך זאָל אַזוי לעבן,
6. איך זאָל אַזוי וויסן פֿון מיינע צרות,
7. וואָס זאָל דאָס באַדייטן,
8. ער זאָל זיין רייך,
9. זאָל געשען וואָס עס זאָל געשען,
10. איך ווייס נישט וואָס איך זאָל טאָן,
11. דו זאָלסט אַזוי וויסן פֿון דיין נאַרישן שכל,
12. איר זאָלט קיין חכם ניט זיין.

<u>געניטונג 18.</u>

ביים פֿאָרמולירן א כלל וואָס צו טאָן, וואָס ניט צו טאָן, ביים אָנווייזן ווי זיך אויפֿצופֿירן, ביים געבן א לאָזונג (slogan), קומט אָפֿט אויס צו נוצן דעם ווערב זאָלן.

א בקשה, א וואונטש, א פֿאַרשריפֿט קען מען פֿאָרמולירן:

א) דורכן אימפּעראַטיוו, ב) דורכן אינפֿיניטיוו וואָס פֿאַרבייט דעם אימפּעראַטיוו, ג) דורך זאָלן מיט אינפֿיניטיוו,

למשל: א) רייכערט ניט אין דעם זאַל! ב) ניט רייכערן אין דעם זאַל! ג) מע זאָל ניט רייכערן אין דעם זאַל.

א) קריגט אַריין נייע מיטגלידער אין קלוב! ב) אַריינקריגן נייע מיטגלידער אין קלוב! ג) מע זאָל אַריינקריגן נייע מיטגלידער אין קלוב!

שטעלט צונויף אַזעלכע אויפֿשריפֿטן, לאָזונגען (slogans) אָדער סתם וואונטשן, וואָס זיי זאָלן האָבן א שייכות צו:
1. ייִדיש. 2. שטילקייט אין לייענזאַל. 3. קלייבן א פּרעזידענט. 4. פֿאָרן אויף א שיפֿל. 5. א פֿאַרמעסט אין לויפֿן. 6. א געפֿאַר אויף א שיף. 7. א קאָנפֿליקט אין דער געזעלשאַפֿט. 8. ייִדן אויף דער

וועלט. 9. שטייגן אויף בערג. 10. א יובל פון דער ייִדישער שול.

שטעלט צונויף תקנות (regulations) פאר אייער קלוב, כללים פון א וואסער ניט איז שפיל, כללים ווי זיך אויפצופירן אין קלאס און זעט דערביי צו נוצן זאָלן.

## געניטונג 19.

לאָמיר זיך צוקוקן צום "זאָלן":

### פון צען געבאָט:

זאָלסט ניט האָבן אנדערע געטער... זעקס טעג זאָלסטו ארבעטן און טאָן אלע דיינע מלאכות, אָבער דער זיבעטער טאָג איז שבת צו גאָט דיין האר, זאָלסטו ניט טאָן קיין מלאכה... האלט אין כבוד דיין פאָטער און דיין מוטער כדי דיינע טעג זאָלן זיך לענגערן אויף דער ערד וואָס גאָט דיין האר גיט דיר... זאָלסט ניט הרגען, זאָלסט ניט גנבען....זאָלסט ניט גלוסטן דיין חברס הויז...

### פון פארשיידענע געזעצן אין חומש:

א פרעמדן זאָלסטו ניט קריוודען און זאָלסט אים ניט דריקן, ווארעם פרעמדע זייט איר געווען אין לאנד מצרים... אן אלמנה און א יתום זאָלט איר ניט פייניקן... אז דו וועסט לייען מיין פאָלק, דעם ארעמאן ביי דיר, זאָלסטו ניט זיין צו אים ווי א בעל-חוב; איר זאָלט ניט ארויפלייגן אויף אים צינזן... אז דו וועסט נעמען אין משכון דיין חברס קלייד, זאָלסטו עס אים אומקערן איידער די זון גייט אונטער; ווארעם דאָס איז זיין איינציקער צודעק, דאָס איז זיין קלייד פאר זיין לייב: אין וואָס וועט ער שלאָפן?... זאָלסט ניט קאָכן א ציגעלע אין מילך פון איר מוטער... אז פאר דיר וועט זיך טרעפן אין וועג א נעסט פון א פויגל אויף ערגעץ א בוים, אָדער אויף דער ערד, מיט פייגעלעך אָדער אייער, און די מוטער זיצט אויף די פייגעלעך אָדער אויף די אייער, זאָלסטו ניט נעמען די מוטער אין איינעם מיט די קינדער. אוועקלאָזן זאָלסטו אוועקלאָזן די מוטער, און די קינדער זאָלסטו נעמען צו ד דיר.

### הלל זאָגט:

וואָס דיר איז נישט ליב זאָלסטו נישט טאָן דעם צווייטן.

## געניטונג 20.

זעצט איבער אויף ייִדיש ( דאַ דארף אומעטום זיך באַקומען זאָלן)

1. Thou shalt not kill.
2. Thou shalt love thy neighbor.
3. They should play it in the garden.
4. You should be quiet at (אין) school.
5. They should keep this room clean.
6. Thou shalt not steal.

7. I should have gone with you.
8. You should wash your teeth in the morning.
9. They should have voted for the Labor candidate.
10. You shouldn't go out today.
11. I don't know what I am to do.
12. I should have done my work sooner.
13. You should dress the baby (קינד, עופעלע) warm before you go out.
14. If you want the apples you should climb (קריכן אויפן) the tree.
15. They should do their homework this morning (פאַר מיטאָג) so, (אז) they shall be free in the afternoon. (in the afternoon נאָך מיטאָג)

געניטונג 21.

ביים ווינטשן זיך, אין ברכות טרעפן מיר בסדר די פאָרמען מיט זאָלן.

ייִדן האָבן ליב זיך צו ווינטשן. אָט ווי מענדעלע מוכר־ספרים באַשרייבט דאָס ווינטשן זיך אין זיין שטעטעלע קאַבצאַנסק:

„אזעלכע גרויסע בריות אין דעם ווינטשן ווי קאַבצאַנסקער ייִדן זיינען, זיינען נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט... וואָס נאָר עפּעס א שמועס איז ביי א קאַבצאַנסקער באַלד א ווינטשעניש. לאָמיר אָנכאַפּן למשל דאָס א שטייגער: שמועסנדיק פון ים אוקינוס (פון אָקעאַן), קען זיך איינער פאַרגינען צו ווינטשן: „אזוי פיל געלט זאָל איך האָבן ווי פיל זאַמד אויפן ברעג זיינעם אַרום און אַרום" — „עט, מאַכט דער צווייטער, דער גאַנצער ים זאָל זיין טינט, און איך זאָל האָבן אזוי פיל ווי פיל מע וואָלט מיט דעם טינט געקענט אָפּחתמענען טראַטעס (notés), איטלעכע אויף טויזנט קערבלעך" — „און איך", ווינטשט דער דריטער, אויפהייבנדיק מיט א זיפצעלע די אויגן צום הימל, „ביידע זאָלט איר שטאַרבן, רבונו של עולם, און איך זאָל אייך ירשענען"...

- -
-

ווינטשט זיך עפּעס גוטס, ווינטשט עפּעס אייערע חברים, אייער פריינד, אייער שכן.

- -
-

אויך אין קללות טרעפט מען אָפט זאָלן. אויך שילטן זיך האָבן ייִדן (און באַזונדער ייִדענעס) ניט פיינט. אָבער - שילטן מעג מען ניט קענען. קיין שטער אַריבערצוגיין אין קלאַס „ב" וועט עס אַוודאי ניט זיין.

געניטונג 22.

א) פאַראַן א ווערטל: „איידער איך זאָל שטאַרבן פאַר הונגער, עס איך בעסער געבראָטנס". ווער קען צוקלערן ענלעכע שפּאַסיקע ווערטלעך?

ב) וואָס באַטײַט דאָ זאָל?

1. פֿון אבֿרהם רײזענען:

„איך זאָל װי װײַט נאָך זײַן די צײַט פֿון ליבע פֿון
פֿון שלום,
דאָך קומען װעט, צי פֿרי צי שפּעט, די צײַט: עס
איז קײן חלום!"

2. פֿון מ. װאַרשאַװסקין:

װי לאַנג װעט זײַן דער טאָג פֿאַרבאָרגן?
װאָס הערט זיך, װעכטער, מיט דער נאַכט?
דער װעכטער זאָגט: עס קומט דער מאָרגן,
װי לאַנג עס זאָל ניט זײַן די נאַכט!

## צייכנדלעך וואָס מאַכן קלוג

### גענימונג 1.

א) קענט איר עס זינגען?

אויף דעם פריפעטשיק ברענט א פייערל
און אין שטוב איז הייס,
און דער רבי לערנט קליינע קינדערלעך } 2
דעם אלף־בית. } מאָל
- זאָגט זשע, קינדערלעך, געדענקט זשע, טייערע,
וואָס איר לערנט דאָ,
זאָגט זשע נאָך א מאָל און טאקע נאָך א מאָל } 2
קמץ אלף אָ! } מאָל

ב) א רעטעניש:

ווייס געניט, שוואַרץ געזייט, ווער עס גייט - דער פאַרשטייט.

ג) וואָס הייסט: ער קען די שוואַרצע פינטעלעך, ער איז א קענער אין די שוואַרצע פינטעלעך?

### גענימונג 2.

א) א בוך קען מען: קויפן, עפענען, שאַנעווען, איינוויקלען...
וואָס נאָך?

ב) האַלטן א בוך אין האַנט, אריינגעמען א בוך אין האַנט -
וואָס באַטייט עס חוץ פשוטן האַלטן און אריינגעמען דאָס בוך?

ג) 1. ווייסט איך דאָס וואָרט ספר? דער ספר, מערצאָל - די ספרים?
2. וואָס איז דער אונטערשייד צווישן בוך און ספר?
3. וואָס איז דער אונטערשייד צווישן בוך, ביכל, אין ספר?
4. די פריער דערמאָנטע אויסדרוקן: "האַלטן א בוך אין האַנט", "אריינגעמען א בוך אין האַנט" זיינען איבער־געמאַכט פון די אַלטע אויסדרוקן:

האַלטן א ספר אין האַנט,
אריינגעמען א ספר אין האַנט.

פאַראַן אויך אן אויסדרוק:
אריינקוקן אין א ספר.

ד) שלום־עליכמס "דאָס מעסערל" געדענקט איר אוודאי!

..."דער טאַטע מיט א יאַרמלקע אויפן קאָפּ זיצט איבער א ספר, לערנט און הוסט, הוסט און לערנט... פּלוצלונג כאַפּט זיך דער טאַטע אויף ווי פון שלאָף: "ווער פּישטשעט דאָרטן? ווער אַרבעט דאָס? וואָס טוסטו, שייגעץ איינער?... א־א־אָ? מעסערלעך? אזא יונגאַטש, קראַנק נעמען א ספר אין האַנט"....

די מאמע לויפט אריין פון קיך מיט א גוואלד: „שא, שא, וואס איז דארט אזעלכס? פאר וואס שלאגסטו אים? גאט איז מיט דיר! וואס האסטו צום קינד? וויי איז מיר ניט!"

-„מעסערלעך? שרייט דער טאטע און פארהוסט זיך, אזא יונגאטש! קראנק נעמען א ספר אין האנט? א בחורל פון אכט יאר!"......

דער הער הערץ הערצנהערץ שטעלט זיך איין פאר מיר. נאר עס העלפט ניט. דער טאטע טרייבט מיך ארויס. איך נעם א ספר אין האנט. נאר עס ווילט זיך פארט ניט קוקן אין ספר אריין!"...

געניטונג 3.

א) האט איר ביכער אין דער היים? וואסערע ביכער? פון וואסערע מחברים? אויף וואסערע שפראכן? ווייסט איר די אויסדרוקן: א פאליצע מיט ביכער, אן אלמער מיט ביכער, א שאפע מיט ביכער?

ב) נעמט איר ביכער אין א ביבליאטעק? זייט איר פארשריבן אין דער שטאטישער ביבליאטעק? זייט איר געווען אין צענטראל-ביבליאטעק? א ליי-ביבליאטעק איז א ביבליאטעק וואו מע.....................; א לייען-ביבליאטעק איז א ביבליאטעק וואו מע .....................

ג) זייט איר א מאל געווען אין א גרויסער דרוקעריי? זייט איר געווען ביי אן איינבינדער?

ד) זייט איר געווען אויף א ביכער-אויסשטעלונג? האט איר געזען א מאל גאר אלטע ביכער אדער זעלטענע ביכער?

געניטונג 4.

א) אדיעקטיוון וואס מע קען צוגעבן צום סובסטאנטיוו „בוך":

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אלט | גוט | זעלטן | יידיש | וועלטלעך |
| ניי | אינטערעסאנט | קינסטלעריש | העברעיש | רעליגיעז |

טראכט צו נאך פאסיקע אדיעקטיוון!

ב) 1. א בוך אויף דער פראנצייזישער שפראך איז א פראנצייזיש בוך

2. א בוך אויף דער איטאליענישער שפראך איז אן..........

3. " " " " שפאנישער " " א..............

4. " " " " רוסישער " " א..............

5. " " " " כינעזישער " " א ..............

ב) א בוך קען זײַן װעגן: װײַטע לענדער, װאַנדערונגען, אַװאַנטיורעס, אַנטדעקונגען, װיסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, אַמאָליקע צײַטן, רעװאָלוציאָנערע קאַמפן.

װעגן װאָס נאָך? יעדער אײנער קען נאָך עפּעס צוגעבן: עס זײַנען פאַראַן אַזוי פיל פאַרשײדענע ענינים אין ביכער!

ג) א בוך קען זײַן מיט: געמעלן, צײַכענונגען, קאַרטעס, געאָגראַפישע קאַרטעס, דיאַגראַמעס, טאַבעלעס, סטאַטיסטישע טאַבעלעס, בילדער...

געניטונג 5.

לאָמיר שאַפן צונויפהעפטן מיטן װאָרט בוך:

1. אַ בוך אויף צו לײענען איז א ....................

2. א בוך אויף צו לערנען זיך איז א ....................

3. א בוך אויף צו ארבעטן איז אַן ....................

4. א בוך מיט טעקסטן צו לערנען איז א ....................

5. א בוך װאָס מע דאַרף אָפט נעמען אין האַנט
אַרײַן איז א ....................

6. א בוך װאו מע פאַרשרײַבט יעדער טאָג
די פּאַסירונגען איז א ....................

- -
-

1. אַן אויסשטעלונג פון ביכער איז א ....................

2. א לאַגער פון ביכער איז א ....................

3. א פאַרקויפער פון ביכער איז א ....................

4. װער זשע איז.................. א ביכער־װאָרעם?

געניטונג 6.

א) איר װײסט מסתמא אַט די װערטער:

| | |
|---|---|
| דאָס בלאַט פון בוך | די שורה - די שורות |
| די זײַט פון בוך | דער אות - די אותיות |
| דער ראַנד פון בוך | דער אײַנבונד |
| דער רוקן פון בוך | די הילע |

ב) טראַכט זיך אַרײַן אין די װערטער:

א בלאט פון א בוך,
א זײט פון א פוך,
א רוקן פון א בוך.

די װערטער <u>בלאט</u>, <u>זײט</u>, <u>רוקן</u> האָבן אין חוץ אנדערע באַדײטן, עלטערע, ערשטערע. די פאַרבינדונגען מיט <u>בוך</u> זײנען צוגעקומענע, נײערע, <u>פיגוראַטיװע</u> אנװענדונגען פון דעם פריערדיקן װאָרט: דאָס בלאט איז פון בוים, דער רוקן - פון א מענטשן. פאראַן א היפּש ביסל אזעלכע װערטער מיט אן ערשטיקן און מיט א רײ צװײטיקע באַטײטן, למשל: <u>הענטל</u> פון א טיר, א <u>קעפּל</u> פון א שפּילקע, א <u>העלדזל</u> פון א פלעשל, א <u>װאָרצל</u> פון א צאָן.

<u>האָט איר נאָך בײשפּילן?</u>

ג) װאָס פעלט דאָ: <u>בלאט</u>, <u>פיסל</u>, <u>קעפּל</u>, <u>הענטל</u>?

1. עס איז צעבראָכן א .............. פון טיש.

2. עס איז קלענער װי א ............ פון א שפּילקע.

3. זײ פאַרזיכטיק, צערײס ניט דאָס..........פון מײן העפט.

4. זעץ זיך ניט אויף דעם שטול: דאָ פעלט א ............

5. מיר געפעלט דאָס גלעזערנע............פון שירעם.

6. דאָס.......... פון טיר איז ארויסגעפאַלן, מע קען די טיר ניט עפענען.

7. װעגן װאָס שרײבט מען הײנט אין צײטונג? לאָז מיר א קוק טאָן אויף אײן .............

8. איז דאָס א <u>בריה</u>! ער האָט ניט געטראָפן אין .............. פון טשװעקל, נאָר אין פינגער!

9. אין בוך האָב איך געפונען א פאָרטריקנט..................

10. דאָס בעט שטײט ניט גוט, װײל אײן .............. איז קירצער פאַרן צװײטן.

<u>גענישונג 7.</u>

דאָ זײנען דורכגעלאָזן די אדיעקטיװן. די אדיעקטיװן װערן אויסגערעכנט אונטן. שטעלט ארײן דעם פּאַסיקן פון צװישן זײ, אָבער געדענקט: 1) איר קענט נעמען <u>אן אדיעקטיװ בלויז אײן מאָל</u>, 2) <u>אן אדיעקטיװ מוז שטימען מיטן סובסטאַנטיװ אין מין:</u>

1. דאָס .................... בוך.

2. דאָס.................. בלאט.

3. דאָס .................. קעפּל.

4. די .................. זײַט.

5. די .................. שורה.

6. די .................. טאַבעלע.

7. דער .................. אות.

8. דער .................. אײַנבונד.

9. דער .................. ראַנד.

10. דער .................. רוקן.

11. דער .................. ספר.

12. דער .................. לײענער.

און אָט זײַנען די אַדיעקטיוון:

װײַסער, רויטער, פּאַראינטערעסירטער, קלאָרער, קלאָרע, דרײַסיקסטע, באַשריבענע, אַלטער, באַפּוצטער, געלײענטע, אײבערשטע, אינטערעסאַנטע.

## געניטונג 8.

מיר האָבן דאָ װײַטער צו טאָן מיט פיר װערטער: <u>אות</u>, <u>ראַנד</u>, <u>אײַנבונד</u>, <u>רוקן</u>. פּרוּװט צושטעלן, װי פיל עס לאָזט זיך נאָר, פון אָט די פיר װערטער צו די אַדיעקטיװן װאָס שטײען דאָ אונטן. געדענקט אַז ניט צו אַלע אַדיעקטיװן קען מע צושטעלן אַלע פיר װערטער. קוקט זיך פריער גוט צו צו די ערשטע שורות:

1. <u>אויסגעפּוצטער</u>: אות, ראַנד, אײַנבונד, רוקן.

2. <u>װײַבער</u>: אײַנבונד, רוקן.

3. <u>װײַסער</u>: ......................

4. <u>קלאָרער</u>: ......................

5. <u>פאַרבּיקער</u>: ......................

6. <u>לעדערנער</u>: ......................

7. <u>האַרטער</u>: ......................

8. <u>זעלטענער</u>: ......................

9. <u>באַשריבענער</u>: ......................

10. <u>אָפּגעריבענער</u>: ......................

גענימונג 9.

א) א בוך האט א מחבר אדער מחברים. מחבר איז די זעלביקע זאך וואס אויטאר. א בוך קען האבן א רעדאקטאר. דער רעדאקטאר קוקט דורך דאס בוך, ער רעדאגירט עס. ווער איז א פארלעגער? וואס הייסט א פארלאג? וואס טוט דער זעצער? דער קארעקטאר? דער דרוקער? דער איינבינדער?

ב) א בוך קען זיך אנהייבן מיט א הקדמה. די הקדמה שרייבט דער מחבר. א מאל טרעפט זיך אז די הקדמה שרייבט דער רעדאקטאר אדער דער פארלעגער.

אנהייב בוך אדער סוף בוך ווערט געגעבן דער אינהאלט.

געוויינלעך צום סוף קומט א זוכצעטל מיט די ענינים וואס ווערן באטראכט אין בוך. אין וואסערע ביכער דארף מען האבן א זוכצעטל?

ג) האט איר באמערקט א מאל: „איבערדרוקן אדער איבערזעצן אן דעם פארלעגערס (אדער מחברס) הסכם איז פארווערט". וואס באטייט עס?

ד) ווייסט איר וואס דאס הייסט אן אויסגאבע פון א בוך? וואס באטייט עס?

1) „פון דער ערשטער אויסגאבע איז ניט פארבליבן קיין איין עקזעמפלאר", 2) „ס'איז א זעלטענע אויסגאבע"; 3) „פיינטע פארגרעסערטע און פארבעסערטע אויסגאבע".

גענימונג 10.

שטעלט אויס אין דעם ריכטיקן סדר:

א) איינבינדער, בוכהענדלער, דרוקער, זעצער, לייענער, מחבר, קארעקטאר, רעדאקטאר (ווער האט פריער און ווער האט שפעטער געהאט צו טאן מיטן ווערק?)

ב) א קורצער סך־הכל; א זוכצעטל; הקדמה פון רעדאקטאר; אינהאלט, דאס עצם ווערק; לענגערער אריינפיר פון מחבר. (וואס קומט פריער און וואס שפעטער אין דעם בוך?)

גענימונג 11.

מיר געדענקען גוט וואס עס הייסט א ספר. לאמיר זיך אויסלערנען אדער בעסער זיך איינלערנען נאך ווערטער:

1. א ספר־תורה; אין שול (אין בית־מדרש, אין קלויז) זיינען פאראן א סך ספרי־תורות.

2. א חומש, פינף חומשים, ער לערנט שוין חומש.

3. א גמרא. האט איר שוין געלערנט וועגן דער שאפונג פון דער גמראָ? וואָס הייסט? א) „ער האלט אין האנט א גמרא". ב) „ער לערנט גמרא".

4. א סידור. מע דאוונט פון א סידור.

5. א מגילה. ס'איז א גאנצע מגילה. ס'איז א לאנגע מגילה.

6. א פסוק. א פסוק פון דער תורה, א פסוק פון ישעיהו; ער ווייס נישט וואָס דער פסוק וויל.

7. א סופר. א סופר שרייבט א ספר־תורה. האט איר א מאָל געזען א בילד פון אן אלטן סופר מיט א געגדזענער פעדער אין האנט?

- -
-

וואָס קומט דאָ?

1. חומש אדער גמרא: דער חדר־יינגל האט פריער געלערנט ..............., נאָך דעם...............

2. סידור אדער חומש: ווען מען איז געקומען אין חדר, האט מען פריער געדאוונט פון ............... און נאָך דעם האט מען זיך גענומען צום ..............

3. בוך אדער מגילה: א ................. איז צונויפגעוויקלט, א ...............איז געבונדן.

4. הגדה אדער מגילה: פורים לייענט מען די ..........., פסח צום סדר זאָגט מען די ...............

5. גמרא אדער ספר־תורה: דער ישיבה־בחור האט אין דער פרי געלייענט פון דער ...............און נאָך דעם איז ער א גאנצן טאָג געזעסן איבער דער............. און געלערנט.

6. פסוק אדער אות: דער אמאָליקער סופר האט מיט א געפיל פון הייליקייט און ציטער איבערגעשריבן נית בלויז איטלעכן .........פון דער תורה, נאָר ער האט אויך געצירט און געפוצט איטלעכן............... באזונדער.

## גענִיטונג 12.

פאסט צו די דערקלערונג צום וואָרט:

| | | |
|---|---|---|
| 1. אײַנבינדער | ( ) | שרײַבט ספר־תורות. |
| 2. ביבליאָטעקאַר | ( ) | גיט אַכט עס זאָלן ניט זײַן קײן גרײַזן. |
| 3. ביכער־וואָרעם | ( ) | קוקט דורך דאָס ווערק, רעדאַגירט עס. |
| 4. לערנער | ( ) | דער וואָס שאַפט אַ ליטעראַריש ווערק, וואָס שטעלט צונויף אַ בוך. |
| 5. לײענער | ( ) | בינדט אײַן ביכער. |
| 6. מחבר | ( ) | דער וואָס לערנט זיך, וואָס לערנט רעליגיעזע ספרים, אַ קענער. |
| 7. סופר | ( ) | אַרבעט אין אַ ביבליאָטעק, פירט אָן מיט אַ ביבליאָטעק. |
| 8. פאַרלעגער | ( ) | דער וואָס לײענט |
| 9. קאָרעקטאָר | ( ) | האָט ליב זיך צו גריבלען אין ביכער. |
| 10. רעדאַקטאָר | ( ) | גיט אַרויס ביכער, אַן אײגנטימער פון אַ פאַרלאַג. |

## גענִיטונג 13.

א) האָט איר געהערט וועגן דעם <u>זײדן פון דער נײַער יידישער ליטעראַטור</u>, וועגן מענדעלע <u>מוכר־ספרים</u>?

וואָס באַטײַט: <u>מוכר־ספרים?</u>

ב) און אָט איז פון דעם אָנהײב פון מענדעלע מוכר־ספרימס ערשטן יידישן ווערק: <u>„דאָס קלײנע מענטשעלע"</u>:

„<u>זײַט זשע מוחל</u> און שטעלט אײַך פאָר מענדעלע מוכר־ספרים, מיך אַלײן הײַסט עס, ווי איך שטײ מיר האַרבסטצײַט מיט מײַן בײדל <u>ערגעץ אויף אַ וועג</u>, שטאַרק פאַרטראַכט און ריר מיך נישט פונעם אָרט. אפשר וועט איר וועלן מײנען אַז מײַן בײדל האָט זיך אײַנגעזונקען אין בלאָטע און איך טראַכט דאָ, ווי אַזוי עס אַרויסצושלעפן? - נײן! אפשר וועט איר ווײַטער וועלן מײנען אַז איך בין געשטאַנען מיט מײַן בײדל, ווײַל איך האָב נישט געוואוסט דעם וועג? - נאָך אַ מאָל נײן! איך האָב זײער גוט געוואוסט, אַז דאָרט וואו דער וועג צעטײלט זיך, <u>נעמט מען זיך רעכטס</u> קײן גלופּסק און לינקס ערגעץ אַנדערש אין אַ שטעטל, לאָז זיך אײַך דוכטן - קאַבצאַנסק. <u>נאָר וואָס דען זשע?</u> <u>פּשוט איז פּשוט</u>, <u>איך האָב מיר קײן עצה נישט געקענט געבן</u>, אין וועלכער זײַט זיך צו נעמען... איך האָב אַ שמיץ געטאָן דאָס פערדל, אָפּגעלאָזט די לײצן און עס געלאָזט גײן פרײַ, פירן מיך וואוהין עס וויל. דאָס פערדל האָט זיך גענומען רעכטס אויף דעם וועג קײן גלופּסק. נו,

האָב איך מיר געטראַכט, אַ מאָך געבנדיק מיט דער האַנט, פיר מיך, פיר מיך, אפשר ביסטו געדעכט. אז דיר גע־פעלט גלופּסק, לאָז זיין גלופּסק!

אויף מאָרגן פרי נאָכן דאַווענען בין איך אַנגעקומען קיין גלופּסק און בין מיר, ווי מיין שטייגער איז, צוגעפאָרן גלייך צום בית־מדרש. איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט מיך אומצוקוקן, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר אַן עולם ייִדן, באַלעבאַטים, באַלעבעסלעך, בחורים - מיט שלום־עליכמס, מיט אַ טאָפּ, אַ לאָפּ, אַ קוק אין ביידל, און מיט שאלות, ווי דער שטייגער איז פון ייִדן. די ווייסע חברה, די תלמוד־תורה־יינגלעך, האָבן גאָר פריינד־לעך מקבל פּנים געווען זייער אַלטן באַקאַנטן, מיין פערדל, און שוין אפילו זיך געגרייט רייסן סטרונעס פון זיין ווידל"...

- -

-

1) ווי אַזוי איז אַרומגעפאָרן אַ מוכר־ספרים? 2) וואָס פלעגט ער זיך אָפּשטעלן? 3) ווי אַזוי פלעגט מען אים באַגעגענען?

<u>געניטונג 14</u>.

ווייסט איר וואָס דאָס הייסט: <u>וואָקאַלן</u> און <u>קאָנסאָנאַנטן</u>?

וואָקאַל - Vowels קאָנסאָנאַנט - Consonant

-וואָס איז דער גרונט־כלל פאַרן אויסלייגן ווערטער וואָס שטאַמען פון העברעי־
- אין שריפט ווערן באַצייכנט בלויז די קאָנסאָנאַנטן, למשל: <u>ספר</u>.

- וואָס זשע הייסן <u>נקודות</u>?

- די צייכנס וואָס פאַרבייטן די וואָקאַלן.

- ווער קען אָנרופן אַ פּאָר נקודות? נו?

- <u>קמץ</u>. קמץ אלף אָ....„זאָגט זשע נאָך אַ מאָל און טאַקע נאָך אַ מאָל קמץ אלף אָ"

- ווייטער ווי הייסט דאָס שטריכעלע אונטערן אלף וואָס ווייזט אַז מע לייענען אַ, ah ?

- פּתח. קמץ אלף - אָ, פּתח אלף - אַ.

- -

-

און אין <u>צדיש</u> האָבן מיר אַ פּינטעלע אונטערן צווייטן יוד. דאָס פּינטעלע וואָס ווייזט אַז מע דאַרף דאָ לייענען? - הייסט <u>חיריק</u>.

און זעט דאָס וואָרט סֵפֶר מיט נקודות. פּאַר ״ (ווי אין וואָרט

„גיין") האָבן מיר אַ צֵירֵה און פּאַר „ע" (ווי אין „געווען")

האבן מיר א סגול.

און נאך צוויי שווערע ווערטער און מיר זיינען פארטיק:

פאר זי - א חולם; פאר ו - א מלופם

קמץ - פתח - חיריק - צירה---סגול - חולם - מלופם.

שטעלט איבער זיי אוועק די צייכנס, די נקודות.

געניטונג 15.

א) איר האט דא שפריכווערטער. אונטער די ווערטער וואס שטאמען פון העברעיש זיינען געשטעלט די געהעריקע נקודות, לויט די וואקאלן וואס איר הערט זיי ביים ארויסריידן די ווערטער; קוקט זיך צו.

1. אלע חזנים זיינען נאראנים, אבער ניט אלע נאראנים זיינען חזנים.
2. א חזן אן א קול איז ווי א שאף אן וואל.
3. יעקבס קול הערט מען אלע מאל.
4. איטלעכער עושר האט זיין יושר.
5. אין א סך מלאכות איז ווייניק ברכות.
6. זיי ניט ברוגז - וועסטו ניט בלייבן אליין.
7. פיל שמייכל און ווייניק שכל.
8. א נאר איז אן אייביקער צער.
9. אלע בלות זיינען שיין, אלע מתים זיינען פרום.
10. שכל און חרטה קומען תמיד צו שפעט.

ב) און פרואווט איצט אליין שטעלן די נקודות:

1. אויף דעם גנב ברענט דאס היטל.
2. אמת איז גוט עדות צו זאגן.
3. ברוגזע לייט גייען אויף א זייט.
4. ביי א שיכור איז בראנפן דער עיקר.
5. דער פניה זאגט אויס דעם סוד.
6. צום שלימזל דארף מען אויך האבן מזל.

7. קײן מיאוסע כלה איז ניטאָ.

8. אַלע ײדן זײַנען חזנים, נאָר דאָס רובֿ זײַנען זײ הײזעריק.

9. דער חשבון איז ריכטיק, נאָר דאָס געלט פֿעלט.

10. װײניקער עולם - גרעסער די שמחה.

גענימונג 16.

אױסשטרײַכן דאָס װאָרט װאָס פּאַסט זיך נים אין דער רײ:

1. פּתח, קמץ, סופר, חיריק, צירה.
2. אות, שורה, זײַט, בוך, גרונט־כלל.
3. ספר־תורה, נקודות, חומש, גמרא, סידור.
4. מחבר, רעדאַקטאָר, בּיכער־פֿאַרקױפֿער, פֿאַרלעגער, חזן.
5. פּסוק, זעצער, דרוקער, אײַנבינדער, איבערשרײַבער.
6. חולם, סגול, צירה, סידור, קמץ.
7. רבי, חדר, בוך, חומש, סידור.
8. קלאַנג, בלאַט, אות, װאָקאַל, קאָנסאָנאַנט.
9. ספר־תורה, חולם, סופר, אות, שורה.
10. גמרא, גרײַז, זעצער, קאָרעקטאָר, מחבר.
11. בּיבליאָטעק, בּיבליאָטעקאַר, בּיכער־װאָרעם, רעדאַקטאָר, בּיכער־פּאָליצע.
12. לערנער, לײענער, דרוקער, פֿאָרשער, סטודענט.

מיר הײבן אָן פֿון אלף־בית!

גענימונג 17.

ס'איז קײן שום ברירה ניטאָ! מע מוז װיסן די נעמען פֿון די אותיות און דעם סדר פֿון די אותיות אין דעם אלף־בית! דאָס מוז מען װיסן צוליב אײגענער באַקװעמלעכקײט. אָן דעם איז נים מעגלעך אָנצורופֿן א נאָמען פֿון אן אות, איז נים באַקװעם צו פֿרעגן װעגן אױסלײגן א װאָרט, און מע פֿאַרשטײט נים אַפֿילו װען מע װײַזט אָן, װי אַזױ אױסצולײגן. װען מע װײסט נים פּעסט און זיכער דעם סדר פֿון די אותיות אין אלף־בית קען מען זיך נים באַנוצן מיט א װערטערבוך. אָט איז דער סדר:

א, בּ, ב, ג, ד, ה, ו, ז, ח, ט, י, כּ, כ, ל, מ, נ, ס, ע,

פּ, פ, צ, ק, ר, ש, תּ, ת.

דא פעלן די שלאס־אותיות און די קאמבינאציעס פון אותיות וואס קומען נאך צו אין יידיש (אַ, אָ, א, ײַ, יי, וי, וו, זש, טש) מע מוז וויסן די נעמען פון די 26 אותיות און זייער סדרן געניט זיך אין אנרופן די נעמען פון די אותיות, ביז איר וועט זיי גוט פאר־געדענקען.

<u>געניטונג 18</u>.

דער העברעישער אלף־בית האט 22 אותיות (חוץ די שלאס־אותיות):

א,ב,ג,ד,ה,ו,ז,ח,ט,י,כ,ל,מ,נ,ס,ע,פ,צ,ק,ר,ש,ת.

אויפן סדר פון אט דעם אלף־בית זיינען געבויט א ריי פאלקס־לידער. אין אנדערע לידער ווערן אויך אנגערופן די נעמען פון די אותיות. לאמיר עטלעכע מאל לייענען אזא פאלקסליד. עס וועט אונדז העלפן צו געדענקען אי די נעמען פון די אותיות, אי זייער סדר; ס'איז א טשיקאווער טעקסט:

אלף – אן אדלער טוט אונטערן הימל פליען,

בית – א בארנבוים טוט אלע זומער בליען,

גימל – א גלח טוט אין תיפלה זיך קניען.

דלת (דלד) – א דאקטער טוט געבן אויף שוויצן,

הא – א הימל טוט א מאל דונערן און בליצן,

וואו – א ווײנער טוט אויף די פעסלעך ווײן זיצן.

זין – א זעלנער טוט אין דער מלחמה שיסן,

חית – א חזן טוט ביים דאווענען מיט טרערן באגיסן,

טית – א טייך טוט לויפן און פליסן.

יוד – א יאטקע־קלאץ טוט מען אויף אים פלייש האקן;

כף – א כלה, טוט מען פאר איר לעקעך באקן,

למד – א לעבער טוט מען בראטן און האקן.

מם – א מיידל טוט זיך פוצן און צירן,

נון – א נאז טוט אלע ווינטער אפפרירן

סמך – א סאד, טוט מען אין אים גיין שפאצירן.

עין - אן עגדיש טוט אין די פיס בײסן,

פא - א פויער, וואָס דער פריץ טוט אים שמײסן,

צדיק - א צאָן טוט דער דאָקטער אויסרײסן.

קוף - א קאָכלעפל טוט דעם טאָפּ אויסמישן,

ריש - א רב וואָס טוט אלע דינים וויסן,

שין - א שײגעץ טוט פון קײן אלף ניט וויסן.

תיו - תוו איז א טאַטער...

אין הימל האָבן מיר א פאָטער,

ווען וועלן מיר שוין ווערן פון גלות פּטור?

גענײטונג 19.

שטעלט אויס אין סדר פון אלף-בית:

א) פּתח, קמץ, חולם, צירה, סגול, מלופּם, חיריק.

ב) חומש, גמרא, סידור, אלף-בית, ספר-תורה.

ג) ײדיש, העברעיש, ענגליש, דײטש, פראַנצײזיש, איטאַליעניש, שפּאַניש, רוסיש, פּויליש, כינעזיש, פּאָרטוגעזיש, יאַפּאַניש, האָלענדיש.

ד) ספר, בוך, בלאַט, זײט, שורה, אות, סופר, מחבר, ראַנד, אײנבונד, רוקן, קעפּל, טאַבעלע, קאַרטע, געמעל, זוכצעטל, זעצער, דרוקער.

גענײטונג 20.

א) פאַרשטײט איר די ווערטלעך און שפּריכווערטער וואָס האָבן א שײכות צום אלף-בית?

1. פון אלף ביז תוו.
2. ער קען ניט קײן אלף.
3. ער ווײס ניט פון קײן צורת אלף.
4. ער ווײזט דעם פערדל א הא (הײ) אין סידור.
5. פּתח שין - שאָ!
6. א צדיק אין פּעלץ (א שלעכטער, א פאַלשער „צדיק”)
7. ווער עס ווײס ניט פון בית (בײז), ווײס אויך ניט וואָס גימל (גוטס) באַטײט.

8. אז דער מזל וויל ניט מאכט קמץ־בית - בָא.

ב) פון אלטע פאלקס־מעשׂיות וועגן אלף־בית:

1. ווען גאָט האָט באַשאַפן די אותיות, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו שטויסן און צו שטופּן, ווייל איטלעכער אות האָט געוואָלט זיין פריער אין סדר פון אלף־בית. אָבער גאָט האָט פאַררוקט ווייטער די וואָס האָבן זיך מערער געשטויסן און אָנגעהויבן מיטן אלף, וואָס איז געשטאַנען אין א זייט און זיך גאָרניט געשטופּט.

2. יעדער אות האָט געהאַט זיך זיינע טענות צו גאָט. דער אלף האָט זיך באַקלאָגט פאַר גאָט, פאַר וואָס דאָס ערשטע וואָרט פון דער תורה (וואָס וואָרט "בראשית" - אין אָנהייב) הייבט זיך אָן מיט א בּית און ניט מיט קיין אלף, ווי דאָס וואָלט געדאַרפט זיין נאָכן יושר נאָך. האָט גאָט געטרייסט דעם אלף און צוגעזאָגט, אז דערפאַר וועלן די צען־געבאָט זיך אָנהייבן מיט אַן אלף. און טאַקע אזוי: דאָס ערשטע וואָרט פון די צען־געבאָט (אָנוכי - איך) הייבט זיך אָן מיט אַן אלף.

איז דער גימל געקומען פאַר גאָט מיט אזא טענה: "מיט אַן אלף הייבט זיך אָן אמת, מיט א בּית הייבט זיך אָן ברכה. פאַר וואָס בּין איך אזוי געשטראָפט, אז מיט מיר זאָל זיך אָנהייבן גנבה און גזלה." האָט גאָט געטרייסט דעם גימל: "אָבער גדולה הייבט זיך אָן מיט דירן!"

איז דער דלת געקומען פאַר גאָט מיט אזא טענה: "מיט אַן אלף הייבט זיך אָן אמת, מיט א בּית הייבט זיך אָן ברכה, מיט א גימל הייבט זיך אָן גדולה און מיט מיר דאַרף זיך אָנהייבן דאגה און דלות". האָט גאָט געטרייסט דעם דלת: "אָבער דרך־ארץ הייבט זיך אָן מיט דירן!"

איז דער הא געקומען פאַר גאָט מיט אזא טענה: "מיט אַן אלף הייבט זיך אָן אמת, מיט א בּית הייבט זיך אָן ברכה, מיט א גימל הייבט זיך גדולה, מיט א דלת הייבט זיך אָן דרך־ארץ, און מיט מיר דאַרפן זיך אָנהייבן הזיקות און הריגות." האָט גאָט געטרייסט דעם הא: "אָבער הללויה הייבט זיך אָן מיט דירן!"

אזוי האָט גאָט געפונען א טרייסט פאַר אלע אותיות. און פאַר די וואָס שטייען צום סוף האָט ער גאָר טייערע טרייסטווערטער:

מיט א צדיק הייבט זיך אָן צדקה, מיט א קוף הייבט זיך אָן קדושה, מיט א ריש הייבט זיך אָן רבנות, מיט א שין הייבט זיך אָן שׂכל און מיטן גאָר לעצטן אות הייבט זיך אָן תורה, וואָס צוליב איר איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן.

געניטונג 21.

א) בעט דעם לערער ער זאָל אייך פאָרלייענען פון מ.ווינרייכס בוך

„די שווארצע פינטעלעך". קוקט דורך אָט דאָס בוך, באַ־
טראכט דאָרטן די געמעלן.

ב) פאר וואָס הייסן ייִדן דער עַם־הַסֵפֶר?

ג) ...„אז איר וועט, קינדערלעך, גרעסער ווערן
וועט איר אליין פאַרשטיין,
ווי פיל אין די אותיות ליגן טרערן ) 2
און ווי פיל געוויין ) מאָל
זאָגט זשע, קינדערלעך, געדענקט זשע, טייערע,
וואָס איר לערנט דאָ,
זאָגט זשע נאָך אַ מאָל און טאקע נאָך אַ מאָל
קמץ אַלף - אָ!"

## <u>אדיעקטיוו מענלעך</u>

דער נאָמינאַטיוו

<u>געניטונג 1.</u>

לאָמיר באַטראַכטן די שפּריכווערטער:

1. א <u>פרעמדער</u> פעלץ וואַרעמט ניט.
2. א <u>פרעמדער</u> ביסן שמעקט זיס.
3. א <u>האַלבער</u> אמת איז א <u>גאַנצער</u> ליגן.
4. א <u>קאַרגער</u> גביר איז דער <u>ערגסטער</u> קבצן.
5. פון אײנציקע טראָפּנס ווערט א <u>גאַנצער</u> רעגן.

א) לאָמיר אין די זאצן געפינען דעם סוביעקט און דעם פּרעדיקאַט (סוביעקט איז - subject און פּרעדיקאַט איז - predicate)

ב) לאָמיר ווײטער אין דעם סוביעקט און אין דעם פּרעדיקאַט אויסטײלן דעם <u>עצם-סוביעקט</u> און דעם <u>עצם-פּרעדיקאַט</u>. דער <u>עצם-סוביעקט</u> איז דאָס וואָס מע רופט אין דער ענגלישער גראַמאַטיק the bare subject דער עצם-פּרעדיקאַט איז - the bare predicate

ג) לאָמיר ווײטער געדענקען די דרײ ווערטער:
דער סובסטאַנטיוו - the noun
דער ווערב - the verb
דער אדיעקטיוו - the adjective
און לאָמיר דאָ צושרײַבן:

דער ווערב..............; the adjective....................
דער אדיעקטיוו.............; the noun...................
דער סובסטאַנטיוו..............; the verb...................

ד) די אדיעקטיוון אין די אויבן געבראַכטע שפּריכווערטער זײַנען אַלע <u>פון מענלעכן מין</u>, זיי ענדיקן זיך אַלע אויף <u>-ער</u>.

1. קענט איר זאָגן אין וואָסער צאָל זײַנען דאָ די אדיעקטיוון?
2. קענט איר זאָגן אין וואָסער בײגפאַל זײַנען די אדיעקטיוון?

ה) לאָמיר גוט פאַרגעדענקען:

דער אדיעקטיוו אין נאָמינאַטיוו, מענלעך, אײנצאָל ענדיקט זיך אויף -ער.

גיט בײַשפּילן! וואָס מער בײַשפּילן!

<u>געניטונג 2.</u>

ווען איר שטעלט צו די ענדונג פון אדיעקטיוו אין נאָמינאַטיוו, מענלעך, אײנצאָל - באַקומט זיך א שפּריכוואָרט.

1. א גוט... שכן איז בעסער װי א װײט... קרוב.

2. בעסער אן אלט... טאָפּ אײדער א נײ... שאַרבן.

3. דער ערגסט... מאָנער איז דער אײגענ... מאָגן.

4. א גוט... מאָנער איז א שלעכט... צאָלער.

5. א פרעמד... נאר איז א געלעכטער, אן אײגענ... נאר איז א שאנד.

6. דער גרעסט... נאר איז פאר זיך קלוג.

7. א גאנצ... נאר איז א האלב... נביא.

8. א פויל ... שליח געפינט אלע תירוצים.

9. בעסער א רײכ... שכן אײדער אן אָרעמ... באלעבאָס.

10. עס איז ניטאָ קײן מיאוסע כלה און עס איז ניטאָ קײן שלעכט... חתן.

גענימונג <u>3</u>.

א) זעצט עס איבער אויף ייִדיש:

1. It was a hot day.
2. It is a beautiful evening now.
3. A white fog ( נעבל ) is rising (א פשוטער װערב)from the water.
4. An unseen bird is singing (א פשוטער װערב)in the bushes.(קוסטעס)
5. The tired workman is returning(א פשוטער װערב)from his work.

ב) מיט װאָס איז אן אדיעקטיװ אין ענגליש אנדערש פון אן אדיעקטיװ אין ייִדיש?

גענימונג <u>4</u>.

דערצײלט און נעמט דערבײ ארײן (פריער זעט צי איר פארשטײט דאָ אלע װערטער):

1. דער ערשטער מאי, דער גרויסער פאראד, דער פײערדיקער רעדנער, דער שטאַרקער אײנדרוק.

2. דער נודנער הארבסט, דער רעגנדיקער טאָג, דער גרויער װאָלקן, דער אפגעלײגטער שפאציר.

3. דער טיפער ים, דער אײנציקער זעגל, דער געניטער פישער, דער גרויסער פיש.

4. דער זומערדיקער אָװנט, דער פינקלדיקער שטערן, דער שטאָטישער פארק, דער אינטערעסאנטער שפאציר.

5. דער ברענעדיקער עראָפּלאַן, דער מוטיקער פּילאָט, דער געפערלעכער שפּרונג, דער גליקלעכער סוף.

6. דער זאַמדיקער מדבר, דער איינזאַמער וואַנדערער, דער הויקערדיקער קעמל, דער מאַטערנדיקער דאָרשט.

7. דער ווייטער צפון, דער שרעקלעכער פראָסט, דער העלדישער פאָרשער, דער געטרייער הונט.

8. דער לעבעדיקער עולם, דער באַקוועמער טיש, דער אינטערעסאַנטער שמועס, דער געמיטלעכער אָוונט.

9. דער פאַרביסענער פאַרמעסט, דער לעצטער קאָן, דער אויסגעצייכנטער שפּילער, דער גוטער רעזולטאַט.

10. דער גערעכטער קאַמף, דער הייליקער נביא, דער שלעכטער מלך, דער אייביקער אמת.

<u>געניטונג 5</u>.

פּאַסט צו דעם סובסטאַנטיוו צום אַדיעקטיוו (פריער זעט, צי איר פאַרשטייט דאָ אַלע ווערטער):

1. דער קאַלטער ( ) פּוקס
2. דער אָנבלעטערדיקער ( ) הימל
3. דער גערודפטער ( ) שניי
4. דער בלאָער ( ) ברעג
5. דער שטאָלענער ( ) צפון
6. דער זאַמדיקער ( ) איינדרוק
7. דער העלבלויער ( ) ייד
8. דער פאַרוויקלטער ( ) פינגער
9. דער פריש־געפאַלענער ( ) עראָפּלאַן
10. דער שטאַרקער ( ) בוים

<u>געניטונג 6</u>

פאַרענדיקט די אַדיעקטיוון!

פון „<u>שלמה ר׳ חיימס</u>" (אַ ביסל איבערגעמאַכט)

ס׳איז אַ ווינטערדיק... אָוונט. אין דרויסן איז אַ ברענעדיק...

פראָסט. עס עפנט זיך מיט אַ מאָל אויף די טיר וואָס צו דער גאַס

צו. א קאלט... שטראָם רײַסט זיך אַרײַן פֿון דרויסן און ציט זיך
א ווײַלע ווי א העל... זײַל פֿאַרע איבער דער שטוב. פֿון זײַל פֿאַרע
ווײַזט זיך אַרויס א געשטאַלט פֿון א מענטשן.
„א, ליפֿען שרײַען אַלע אויס מיט אײן קול - שלום-עליכם, ליפֿען"
ליפֿע איז אן עטלעכע-און-דרײַסיק-יאָריק.... ייד. ער איז א
דורכגעטריבענ...,א קלוג..., א ווערטל-זאָגער, א באַהאַרצט...,
א חסיד פֿרײַלעכ..., ווי עס גיט זיך א מאָל אויס א פֿרײַלעכ...
אָרעמאַן, און איז באַליבט בײַ איטלעכן אין שטעטל.(מענדעלע
מוכר-ספֿרים)

<u>געניטונג 7</u>.

קלערט צו נאָך פּאַסיקע אַדיעקטיוון!

1. א <u>ים</u> קען זײַן א <u>טיפֿער</u>, א <u>ברייטער</u>, ......................
2. א <u>ווינט</u> קען זײַן א <u>מילדער</u>, א <u>צפֿונדיקער</u>.....................
3. א <u>רעגן</u> קען זײַן א <u>האַרבסטיקער</u>, א <u>נייטיקער</u>...................
4. א <u>לערער</u> קען זײַן א <u>שטרענגער</u>, א <u>נײַער</u>.........................
5. אַן <u>אַרבעטער</u> קען זײַן א <u>קראַנקער</u>, אַן <u>ענערגישער</u>..............
6. אַן <u>אָוונט</u> קען זײַן א <u>זומערדיקער</u>, אַן <u>אינטערעסאַנטער</u>..........
7. א <u>פֿאַרמעסט</u> קען זײַן א <u>פֿאַרבײַסענער</u>, א <u>לעצטער</u>..................
8. אַן <u>עולם</u> קען זײַן א <u>גרויסער</u>, א <u>טומלדיקער</u>.....................
9. א <u>שמועס</u> קען זײַן א <u>באַלערנדיקער</u>, א <u>געמיטלעכער</u>................
10. אַן <u>אמת</u> קען זײַן א <u>גאַנצער</u>, א <u>שטענדיקער</u>....................

<u>געניטונג 8</u>.

איר האָט דאָ א סך אַדיעקטיוון, אויסגעשטעלט אין סדר פֿון אַלף-בית.
סאָרטירט זײ אין דרײַ גרופּעס: 1) אַדיעקטיוון וואָס פּאַסן זיך
צום סובסטאַנטיוו <u>יונג</u>, 2) אַדיעקטיוון וואָס פּאַסן זיך צום סובּ-
סטאַנטיוו <u>רעגן</u>, 3) אַדיעקטיוון וואָס פּאַסן זיך צום סובסטאַנטיוו
<u>סימאַן</u>:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אויפֿריכטיקער | אומענדלעכער | באַצאַלטער | ברייטער |
| אומאַנגענעמער | אַרבעטלאָזער | בײַנאַכטיקער | געדולדיקער |

| | | | |
|---|---|---|---|
| געמיטלעכער | וואָרעמער | נוציקער | צוואַנציק־יאָריקער |
| געשמאַקער | זאַטער | פילשפּײַזיקער | צווײ־שעהאיקער |
| הויכער | לעבעדיקער | פינף־שעהאיקער | רוישיקער |
| האַסטיקער | לעפלעכער | פעטער | שוואַרצהאָריקער |
| האַרבסטיקער | מחיהדיקער | פרײַנדלעכער | שטורעמדיקער |
| האָרעפּאַשנער | נאָכמיטאָגדיקער | פרישער | שרעקלעכער. |

גענינונג 9.

צום געגעבענעם פּרעדיקאַט צוקלערן א סוביעקט. דער סוביעקט מוז באַשטײן פון א סובסטאַנטיוו און אן אדיעקטיוו צום סובסטאַנטיוו. דער סובסטאַנטיוו דאַרף זײַן פון מענלעכן מין:

1.... וואַיעט. 2.... איז גרין. 3... קומט באַלד אַרײַן. 4....

איז געווען וואָרעמער ווי הײַ־יאָר. 5.... איז ניט אַלע מאָל גוט.

6.... ווערט איבערדריסיק. 7.... האָט געבראַכן א פוס. 8....

איז באַזיגט געוואָרן. 9.....איז אונדז זײער געפעלן געוואָרן.

10.... איז בעסער ווי פריער.

גענינונג 10.

צושטעלן די ענדונגען:

א) שפּריכווערטער:

1. א נײ... בעזעם קערט גוט.
2. אײן אַלט... פרײַנד איז בעסער ווי צווײ נײַע.
3. דער ווײַטסט... וועג איז צו דער קעשענע.
4. פאַר א שכור איז קײן שלעכט... בראָנפן ניטאָ.
5. איטלעכ... מאָרגן ברענגט זײַנע זאָרגן.
6. אז דער תלמיד איז א וואויל..., איז דער רבי אויך א וויל...
7. אן אַלט... שאַרבן לעבט איבער א נײַעם טאָפּ.
8. א קינד אָן א פאָטער איז א האַלב... יתום, אָן א מוטער - א גאַנצ... יתום.
9. בעסער א גוט... שונא אײדער א שלעכט... פרײַנד.
10. דער גוט... שווימער ווערט סוף־כל־סוף דערטרונקען.
11. ווען מע ברענגט מיט ברויט איז מען אומעטום אן

אַנגעלײגט... גאַסט.

12. פאַר א קראַנק... לאָזט מען איבער אָבער ניט פאַר א

ברוגז...          (זײט דאָ זײער פאַרזיכטיק)

ב) צײכנס (פון אברהם רײזען)

ס'איז ליב דיר יעד... צײכן
אז פרילינג קומט שוין אָן:
א פויגל אין די הײכן,
א קרײען פון א האָן.

א שפּילנדיק... הינטל
וואָס לויפט פאַרבײ דיר גראָד,
א גריסנדיק... ווינטל
וואָס רוימט דיר אײן א סוד.

א בוים וואָס איז פון ווינט...
געוואָרן מיד און מאַט -
א ביסל א באַגרינט...
מיט וואו-ניט-וואו א בלאַט.

א טיר, א פענצט... אָפן
און קינד... בײ דער שוועל;
א בענקען און א האָפן
אויף אלץ וואָס נײ און העל.

וואו האָט איר דאָ נאָך די ענדונג -ער, חוץ בײ אַדיעקטיוון
אין נאָמינאַטיוו, מענלעך, אײנצאָל?

גענימונג 11.

א פּרמעסטן א געוועטן

ווער קען צוטראַכטן מער פּאַסיקע אַדיעקטיוון צו די ווערטער (אלץ זאָגן
מיטן באַשטימטן אַרטיקל);

1. טאַטע 3. הימל 5. ייד 7. פויגל 9. סאָלדאַט
2. זײדע 4. זומער 6. מענטש 8. בוים 10. שילער

גענימונג 12.

אַט האָט איר קעפּלעך און איר טראַכט צו אָדער דערצײלט איבער קורצע
מעשיות:

1. דער קאַלטער קוואַל און דער נאַרישער פויער.
2. דער שטאַרקער לײב און דער ביטערער פוקס.
3. דער בײזער רויבער און דער געטרײער הונט.

4. דער הײליקער נביא און דער שלעכטער מלך.
5. דער אָרעמער יתום און דער גוטער פאַרבײַגײער.

<u>דער אַדיעקטיוו וואָס</u>
<u>פאַרבײַט זיך דעם סובסטאַנטיוו</u>

<u>געניטונג 13.</u>

דער אַדיעקטיוו קען קומען אַלײן, אָן א סובסטאַנטיוו. <u>ווען דער</u>
<u>דער אַדיעקטיוו אָן א סובסטאַנטיוו קומט מיטן אַרטיקל פאַרבײַט ער</u>
<u>דעם סובסטאַנטיוו</u>.

1. דער באַקאַנטער חבר ליגט אין בעט - דער קראַנקער ליגט אין בעט.
2. דער קלוגער מענטש גיט זיך אַן עצה...................
3. א קאַרגער מענטש זשאַלעוועט יעדער גראָשן.................

- -
-

צושטעלן די ענדונגען אין די שפּריכווערטער:

1. א קאַרג... ליגט אויף דעם געלט ווי א הונט אויף א בײן.
2. א שעמעדיק... קען זיך ניט אויסלערנען.
3. דער פויל... ווערט פלײסיק בעת אַנדערע גײען שלאָפן.
4. אז דער קלוג... באַנאַרישט זיך בלײַבט ער אויך א נאַר.
5. א טויב... האָט געהערט, ווי א שטום... האָט דערצײלט ווי א בלינד... האָט אַלײן געזען, ווי א קרום... איז געלאָפן.
6. א קאַרג... צאָלט טײַער, א פויל... גײט מער.
7. א משוגענ... מעג אַלצדינג טאָן.
8. א קלוג... פאַרשטײט אויפן וואונק, א נאַר פאַרשטײט ווען ער קריגט מיטן פלאָקן.
9. א בלינד... איז קראַנק אויף די אויגן, א שטומ... איז קראַנק אויף דעם מויל, א נאַר איז קראַנק אויף אַלע אברים (גלידער).
10. א יונג... קען שטאַרבן און אַן אַלט... מוז שטאַרבן.

11. ביז דער פעט... ווערט מאָגער גייט דער מאָגער... צו גרונט.
12. בעסער איין גוט... פריינד איידער צען פיינד.
13. ווען צוויי זאָגן שיכור זאָל זיך דער דריט... לייגן שלאָפן.
14. דער זאט... פאַרשטייט ניט דעם הונגעריקן.

<u>געניטונג 14.</u>

זאָל דאָ דער אדיעקטיוו מיטן אַרטיקל פאַרבייטן דעם אַדיעקטיוו מיטן סובסטאַנטיוו אָדער די לענגערע פראַזע. למשל:

1. דער וואָס איז פויל האָט ניט אין מויל. דער פוילער האָט ניט אין מויל.
2. דער וואָס איז שטום מוז נעבעך ברומען.....................
3. דער וואָס איז שמוציק זאָל זיך ניט וואונדערן וואָס מע רוקט זיך אָפּ פון אים.

..............................................

4. א קראנקן מענטשן פרעגט מען, א געזונטן מענטשן גיט מען.

..............................................

5. יעדער משוגענער מענטש ברעכט נאָר אויף יענעמס שויבן.

..............................................

6. דער שעמעדיקער גאַסט בלייבט הונגעריק.

..............................................

7. א פרעמדער דורכגייער האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט.

..............................................

8. א פוילן מענטשן זאָל מען בעסער ניט שיקן א גאַנג.

..............................................

9. דער אַלטער בעטלער שטרעקט אויס די האַנט נאָך א נדבה.

..............................................

10. ווען עס קומט דער באַשערטער יונגערמאַן ווערט עס (ד"ה דער שידוך) אין צוויי ווערטער.

..............................................

<u>גענ־טונג 15.</u>

צונויפפרעסן זאָגן עס אין איין אדיעקטיוו מע מוז דאַ דעם אדיעקטיוו שאפן; די אדיעקטיוון וועלן האָבן א סופיקס <u>יק</u> (אָדער <u>דיק</u>)

1. דער טיש אויף דריי פיס - דער דרייפיסיקער טיש.

2. דער וואָס שעמט זיך בלייבט הונגעריק - דער שעמעדיקער בלייבט הונגעריק.

3. דער וואָס שווייגט מיינט אויך עפּעס.........................

4. דער יונג מיט רויטע האָר...........................

5. דער שרייבער וואָס איז פופציק יאָר אלט.........................

6. א רעדנער וואָס רעדט מיט פייער...........................

7. אן אוונט פון זומער...............................

8. דער ברעג וואָס איז פול מיט זאמד.........................

9. דער לופטפליער וואָס האָט מוט...........................

10. דער לערער וואָס האָט געדולד...........................

<u>די ווענדונג</u>

<u>גענ־טונג 16.</u>

דער סוביעקט <u>איז</u> אין נאָמינאטיוו:

1. <u>דער זאטער</u> פארשטייט ניט דעם הונגעריקן.
2. <u>א פרעמדער פעלץ</u> ווארעמט ניט.

דער פרעדיקאט <u>קען זיין</u> אין נאָמינאטיוו.

3. <u>ער איז א פרעמדער.</u>
4. א האלבער אמת <u>איז א גאנצער ליגן.</u>

די ווענדונג <u>איז</u> אין נאָמינאטיוו:

5. <u>ערעמער דאך</u>, וואָס קנאקסטו?
6. שלאָף, <u>מיין טייערער</u>, <u>מיין ליבער</u>,
מאך די אויגן צו און רו,
וואויל איז דעם וואָס האָט א מאמען
און א וויגעלע דערצו.
(ד.איינהאָרן)

- -
-

צושטעלן <u>די ענדונגען</u> אין <u>די ווענדונגען</u>:

1. שלאָף, מיין זון, מיין טרייסט, מיין שיינ..., שלאָף, מיין

קרוין, מײן קדיש אײנ..., ליולינקע ליוליו (שלום-עליכם)

2. א קום שוין, שטיל... אונט, און וויג די פעלדער איין;
מיר זינגען דיר א לויבליד, א ליב... אונטשיין! (ד.טשארני)

3. נאריש... בחור, נאריש... טראפ, דו האסט ניט קיין שכל
אין דיין קאפ! דער רויך איז העכער פאר א הויז, א קאץ
איז פלינקער פאר א מויז. (פאלקסליד)

4. <u>דער גמרא-ניגון</u> - פון אברהם רייזען
וואס זשע קלאגסטו ביי דער גמרא,
קלויזניק בלאס..., קלויזניק ליב...,
אין דיין וויינענדיקער ניגון
אין מיין הארצן גייט אריבער,
און מיין אויג איז פייכט געווארן,
מיט א טרער איז עס פארלאפן.
קלויזניק בלאס..., קלויזניק ליב...,
זאג, וואס האט מיט דיר געטראפן?

<u>געניטונג 17.</u>

צוקלערן זאצן, וואו עס זאלן זיין אזעלכע װענדונגען:

1. ליבער פריינד;
2. גוטער ברודער;
3. טאטע הארציקער;
4. פלינקער ווינט;
5. טיפער ים;
6. אלטער קעמפער;
7. העלדישער פארשער;
8. יונגער דיכטער;
9. וואוילער יונג;
10. ליבהארציקער חבר מיינער.

<u>האט איר באמערקט, אז די װענדונג קומט אן אן ארטיקל?</u>

<u>איידער מיר גייען ווייטער</u>

<u>געניטונג 18.</u>

ס'איז א פרימיטיווע זאך, אבער לאמיר דאך דערמאנען:

טאטע, זיידע
דער גוטער טאטע, דער ליבער זיידע.

1. דערציילט וועגן טאטן, וועגן זיין אויסזען, זיין ארבעט, זיינע געוואוינהייטן, זיין באציאונג צו די קינדער, זיינע פריינד, זיינע אונטן אין דער היים אאז"וו.

2. דערציילט וועגן זיידן, וועגן זיין אויסזען, זיין קומען צו אייך אדער זיין וואוינען מיט אייך, זיינע מעשיות, זיינע ווערטלעך, זיין ציטונג, זיין לעבן, זיין קומען קיין אמעריקע אאז"וו.

3. אפשר זייט איר א בעלן צו שרייבן א קאמפאזיציע אויף איינע פון אט די טעמעס: דער זיידע און איך; דער זיידע, דער טאטע און איך; דריי דורות; פאטער און זון (האנדלדיק אין זינען דעם זיידן און דעם טאטן) - אדער סתם אויף וואספאר טעמע איר ווילט - וועגן זיידן אדער וועגן טאטן.

## דער אביעקטיוו

געניטונג 19.

לאמיר זיך צוקוקן:

1. דער זאטער פארשטייט ניט דעם הונגעריקן.
2. פאר א קראנקן לאזט מען איבער, אבער ניט פאר א ברוגזן.
3. בעסער דעם שלעכטן בעקער איידער דעם גוטן דאקטער.
4. צו איטלעכן נייעם ליד קען מען צופאסן אן אלטן ניגון.
5. א טרייען פריינד דערקענט מען, ווען דער פאלשער קערט זיך אפ.

חוץ דעם נאמינאטיוו האט אדיעקטיוו מענלעך א צווייטן בייגפאל - דעם אביעקטיוו. דער אביעקט איז אין אביעקטיוו!

אביעקט - object

(דאטיוו און אקוזאטיוו אין איינעם דאס איז אביעקטיוו)

דער אביעקטיוו ענדיקט זיך אויף 1) ־ן - שטענדיק
2) ־ען - ווען דער שטאם ענדיקט זיך אויף א וואקאל אדער אויף א ם;
(וואקאלן- vowels)
3) ־עם - ווען דער שטאם ענדיקט זיך אויף א ן;

ביישפילן:

1) קארג- קארגן; גוט - גוטן, הונגעריק - הונגעריקן;
2) פרום - פרומען; בלוי - בלויען; געטריי - געטרייען;
3) אייגן - אייגענעם; זיידן - זיידענעם, ריין - ריינעם.

גיט נאך ביישפילן!
געדענקט די פארעם נייעם

גענִיטונג 20.

צוקלערן זאצן וואו די ווײטערדיקע אדיעקטיוון און סובסטאנטיוון זאָלן זײַן אין אַביעקטיוו:

1. דער געטרײַער פעטער.
2. דער קרומער רוקן.
3. דער גרויער הימל.
4. דער שטאָלענער עראָפּלאַן.
5. דער ברוינער הירש.
6. דער קלײַנער חברה-מאַן.
7. דער אינטערעסאנטער שמועס.
8. דער גאָלדענער זײגער.
9. דער באַקוועמער טיש.
10. דער נײַער לעדערנער גארטל.
11. דער דינער זײַדענער מאנטל.
12. דער שרעקלעכער צפונדיקער פראָסט.

גענִיטונג 21.

שטעלט ארײַן די ענדונג פון אַביעקטיוו:

1. א גוט וואָרט ברענגט א גוט... ענטפער.
2. דעם אמת מעג מען זאָגן אפילו דעם אײגענ... טאטן.
3. לעבן א פעט... טאָפּ איז גוט זיך צו רײַבן.
4. פאר א געשלאָגענ... הונט טאָר מען קײן שטעקן ניט ווײַזן.
5. אן אלטער שארבן לעבט איבער א נײ... טאָפּ.
6. בײַ א פויל... וואקסט דער וועג אונטער די פיס.
7. מיט א מיטגעבראכט... ברויט איז מען אומעטום א גוטער אורח.
8. א הײמיש... גנב קען מען ניט אײַנהיטן.
9. אויף אן אײַנגעבויגענ... בוים שפרינגען אלע ציגן.
10. אין א גרויס... טײַך כאַפּט מען גרויסע פיש.
11. א קראנק... פרעגט מען, א געזונט... גיט מען.
12. בעסער צו האָבן א נאָנט... גראשן אײדער א ווײט... קערבל.
13. בעסער מיט א קלוג... צו פארלירן אײדער מיט א נאר צו געווינען.
14. א טויט... באווײַנט מען זיבן טעג, א נאר דאָס גאנצע לעבן.

<u>געניטונג 22</u>.

איר האָט דאָ אדיעקטיוון, אויסגעשטעלט אין סדר פון אלף־בית. פריער זעט, צי איר פאַרשטייט די אלע ווערטער. נאָך דעם סאָרטירט זיי אין דריי גרופּעס: 1) אדיעקטיוון וואָס זייער אַביעקטיוו ענדיקט זיך אויף <u>־ן</u>, 2) אדיעקטיוון וואָס זייער אַביעקטיוו ענדיקט זיך אויף <u>־ען</u>, 3) אדיעקטיוון וואָס זייער אַביעקטיוו ענדיקט זיך אויף <u>־עם</u>.

| | | | |
|---|---|---|---|
| אייגענער | געטרייער | טרוקענער | קרומער |
| ביטערער | געניטער | לאַמער | ראַזיקער |
| בלאָנדער | גרויער | לעדערנער | רויער |
| בלאַסער | גרינער | מאָגערער | ריינער |
| בלויער | דאַרער | נודנער | רעגנדיקער |
| בלייענער | הויקערדיקער | פיינער | שטאָלענער |
| ברוינער | וואַרעמלעכער | פינצטערער | שטומער |
| גאָלדענער | וואַרעמער | פרומער | שטרויענער |
| גלעזערנער | זיידענער | פרייער | שיינער |
| געדיכטער | זעלטענער | צפונדיקער | שמאָלער |
| | | קליינער | שפּעטער |

<u>געניטונג 23</u>.

דאָ טוט זיך עפּעס חושך. עמעצער האָט דאָ צעפּלאָנטערט די אַביעקטן. מאַכט א שטיקל אָרדענונג.

1. דער ליבער זיידע האָט אונדז געבראַכט א געפערלעכן טיגער.
2. דער שלעכטער מלך האָט פאַרטריבן א פּופּציק־פונטיקן פיש.
3. דאָס קליינע קעצעלע האָט אויפגעגעסן דעם אנטלאָפענעם אַרעסטאַנט.
4. דער אלטער פישער האָט געכאַפּט אן אומבאַקאַנטן ווילדן שבט.
5. דער מין ווערעם האָבן געפּטרט דעם הייליקן נביא.
6. דער געניטער יעגער האָט געכאַפּט דעם אויסגעצייכנט עסיי.
7. דער פלינקער פּאָליציסט האָט דעריאָגט א ווייסן קעז.
8. דער וואוילער תלמיד האָט אָנגעשריבן דעם שלאָפעדיקן באַלעבאָס.
9. דער געטרייער הונט האָט געראַטעוועט דעם גרינעם בוים.
10. דער מוטיקער פאָרשער האָט אנטדעקט דעם שיינעם פּאָרטרעט פון א יידישן שרייבער.

<u>די ענדונגען פון אַדיעקטיוו מענלעך!</u>

<u>געניטונג 24</u>.

<u>די דריי רינגען</u>

ווען דער באַרימט... סולטאַן סאַלאַדין האָט געהערשט אין מזרח, האָט אין ירושלים געלעבט א רייכ... און חשוב... ייד וואָס דאָס פאָלק האָט אים גערופן נתן דעם חכם. סאַלאַדין האָט גערודפט יידן און קריסטן. איין מאָל האָט סאַלאַדין גערופן צו זיך נתנען און

זאָגט צו אים: „מע זאָגט אז דו ביסט א גרויס... חכם. טאָ זאָג זשע מיר, וואָס... גלויבן איז דער ריכטיק...: דער מחמדאניש..., דער ייִדיש... אָדער דער קריסטלעכ...?"

נתן דער חכם האָט א ווײַלע זיך פארקלערט, האָט ער פארשטאנען אז ער און זײַנע ייִדן זײַנען אין געפאר, אויב ער ענטפערט אז דער ייִדיש... גלויבן איז דער ריכטיק... האָט דער קלוג... נתן געזאָגט: „מײַן האר, אײדער איך ענטפער אויף דײַן פראגע, הער אויס א מעשה:

מיט א סך יאָרן צוריק האָט געלעבט א מענטש וואָס האָט פארמאָגט א וואונדערלעכ ... רינג. דער רינג איז געווען א פארכישופט... ווער עס האָט דעם וואונדערלעכ... רינג געטראָגן און געגלייבט אין זײַן כוח, איז געווען באליבט בײַ גאָט און בײַ לײַט. אָט דער מאָדנ... רינג איז פון דור צו דור איבערגעגאנגען אין דער זעלביקער משפחה, פון פאָטער צום זון. און אויב א פאָטער האָט געהאַט מער ווי אײַן זון, פלעגט דעם טײַער... רינג באַקומען דער באליבטסט... זון.

אָבער דער מענטש האָט געהאַט דרײַ זין. ער האָט זײ אלע דרײַען גלײַך ליב געהאַט. האָט ער ניט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן מיטן פארכישופט... רינג. האָט ער גערופן צו זיך דעם בעסט... גאָלד־שמיד און געהײסן אים מאַכן נאָך צוויי רינגען, וואָס זאָלן זײַן פונקט ווי זײַן טײַער... רינג. ווען דער גאָלדשמיד האָט אין א פאָר טעג ארום געבראַכט אים דרײַ רינגען, דעם וואונדערלעכ... רינג און די צוויי נאָכגעמאַכטע רינגען, האָט דער פאָטער אלײן מער ניט געקענט אונטערשײדן זײַן אײגענ... רינג פון די איבעריקע. און ווען דער אלט... פאָטער האָט געהאַלטן בײַם שטאַרבן, האָט ער גע־רופן זײַנע דרײַ זין. יעדער... באזונדער האָט ער אַרײַנגערופן צו זיך, יעדער... באזונדער האָט ער געגעבן א שײנ... רינג און

זײַן ברכה.

נאָך דעם ווי זײַער פאָטער איז געשטאָרבן, האָט יעדער... פון די זין געטענהט, אז ער האָט עס געירשנט דעם עכט... רינג און די אנדערע האָבן פאלשע רינגען. יעדערער האָט זיך געשוואָרן: „מיר האָט דער פאָטער געגעבן דעם אמת..., דעם וואונדערלעכ... רינג, ווײַל איך בין געווען זײַן באליבסט... זון". האָבן זיך די ברידער געקריגט, ביז זײ זײַנען אוועק צו אן אלט... און קלוג... ריכטער. האָט דער אלט... ריכטער געפרעגט איטלעכ... פון די זין: „וועמען פון דײַנע ברידער האָסטו ליבער?" קײַנ... פון די זין האָט קײַן וואָרט ניט געענטפערט. האָט דער קלוג... ריכטער פלוצלונג א זאָג געטאָן:

„קײַנ... פון אײַך האָט ניט דעם עכט... רינג, ווײַל יענ... רינג, ווײַל יענ... וואונדערלעכ... רינג האָט דעם כוח צו מאכן זײַן באַזיצער באליבט בײַ גאָט און בײַ לײַט."

אויף דעם האָבן די דרײַ ברידער זיך נטי געריכט. זײַנען זײ ווי אפגעשמיסענע געשטאנען פאר דעם קלוג... ריכטער. האָט דער ריכטער ווײַטער געזאָגט: „איך קען ניט פסקענען, וואָס... רינג איז דער ערכט..., איך קען אָבער אײַך געבן אן עצה. דער אמת... רינג האָט דאָך דעם וואונדערלעכ... כוח באליבט צו מאכן דעם באַזיצער, וואָס גלײבט אין זײַן קראפט. טא גײט אהײם, זאָל יעדער... זײַן א גוט... און אן אײדעל... מענטש.אינא סך טויזנטער יאָרן ארום וועט זײַן א קליגער... ריכטער, וועט ער אפשר קענען פסקענען, וואָס... רינג איז דאָס דער עכט...

וואָס... גלויבן איז דער ריכטיק...: דער ײדיש..., דער מחמדאנש... אָדער קריסטלעכ...? איטלעכ... גלויבן איז דער ריכטיק... כל זמן מע גלײבט אין אים און מע לעבט נאָך אים נאָך."

דעם סולטאן סאלאדין א יז זײַער געפעלן געוואָרן נתן דעם חכמס

ענטפער. דער סולטאן און נתן דער חכם זײַנען געװאָרן גוטע פרײַנד, און דער סולטאן האָט זינט דעמאָלט ניט גערודפט מער ניט קײן ייִדן, ניט קײן קריסטן. ער איז געװאָרן טאָלעראַנט און פרײַנדלעך צו אַלע גלויבנס. (על פי לעסינגס „נתן דער חכם".)

גענירונג 25.

פרואװט כאַראַקטעריזירן (געפינענדיק די פּאַסיקע אַדיעקטיװן) די פינף ייִדישע שרײַבערס:

1. שלום־עליכם. 2. י.ל.פּרץ. 3. שלום אַש. 4. אַבֿרהם רייזען.
5. מאַני לייב.

לאָמיר ניט איבערבײַגן דעם שטעקן!

גענירונג 26.

מיר קוקן זיך צו צו דער ענדונג „ע" אין אַדיעקטיװן:

1. א בייזע צונג איז ערגער װי א שלעכטע האַנט.
2. אַז די נאַסע בײמער ברענען, װאָס זאָלן שוין די טרוקענע זאָגן?
3. בעסער אין גויאישע הענט איידער אין ייִדישע מיילער.

(די צונג, די האַנט, דער בוים, דאָס מויל)

אויב מיר װייסן ניט אויף קלאָר די ענדונג פון אַדיעקטיװ אָדער מיר הערן ניט קלאָר און מיר האָבן ספקות, װי אַזוי אָנצושרײַבן - זאָל מען ניט שטענדיק שרײַבן ערן דערװײַל האָבן מיר געלערנט װעגן ער נאָר װי װעגן דער ענדונג פון אַדיעקטיװן אין נאָמינאַטיװ, מענלעך, איינצאָל.

דער נאָמינאַטיװ, װײַבלעך, איינצאָל פון אַדיעקטיװן ענדיקט זיך אויף ע. דער אַדיעקטיװ אין מערצאָל ענדיקט זיך אויף ע (אַלע מינים, אַלע פאַלן)

- -
-

1. קלערט צו בײַשפּילן פון אַדיעקטיװן אין נאָמינאַטיװ, װײַבלעך, איינצאָל.
2. קלערט צו בײַשפּילן פון אַדיעקטיװן אין מערצאָל.

גענירונג 27.

דאָ פעלט די ענדונג פון אַדיעקטיװ, שטעלט אַרײַן!

א) שפּריכװערטער.

1. קליינ... קינדער - קליינ... פרײדן, גרויס... קינדער -

גרוים... ליידן.

2. פון דער ווייט זיינען אלע גוט... לייט.

3. א פרעמד... קאץ איז איבעריק אין שטוב.

4. א גוט... טאכטער איז א גוט... שנור. (daughter-in-law)

5. געבראטענ... טייבעלעך פליען ניט אין מויל אריין.

6. איבערגעקומענ... צרות איז גוט צו דערציילן.

7. איין רויט... קו איז דא אויף דער וועלט?

8. די ערשט... פלוימען זיינען תמיד ווערעמדיק.

9. פון לידיק... פעפער איז דער ליארעם גרעסער.

10. קיין מיאוס... כלה איז ניטא, קיין שלעכט... חתן איז ניטא.

11. אן אלט... שארבן לעבט איבער א ניי... טאפ.

12. דער ערגסט... מאנער איז דער אייגענ... מאגן.

13. גוט... מאנערס זיינען שלעכט... צאלערס.

14. ליידיק... הענט מאכן קאליע די ווענט.

15. ברוגז... לייט גייען אויף א זייט.

ב) <u>פון פאלקסלידער</u>.

1. נישט קיין געבעטענ..., אליין געקומען; באטש אן ארעמ... - פארט א מומען ארעם איז נישט גוט, ארעם איז נישט גוט; לאמיר זיך נישט שעמען מיט אונדזער אייגן בלוט.

2. שווארצ... קארשן רייסן מיר, רויט... לאזן מיר שטיין; שיינ... מיידלעך נעמען מיר, מיאוס... לאזן מיר גיין.

3. נאר די יום-טובדיק... טעג גייען שוין אוועק, הארצעדיק... טאטען

4. עס קומט צו פליען די גאלדענ... פאווע פון א פרעמד... לאנד. ווי עס איז ביטער, מיין ליב... מוטער, א פייגעלע אויפן ים, אזוי איז ביטער, מיין ליב... מוטער, ביי א שלעכט... מאן.

5. שפאנט זשע מיר, ברידער, די שווארצ... פערד, לאמיר לויפן, פארן; אפשר וועל איך נאך דעריאגן מיינ... יונג... יארן.

## די ענדונגען פון אויעקטיוו ער ע -ן (ען, עם)

<u>געניטונג 28.</u>

טרעפט די רעטענישן:

א) א ווייסער מויער און א געלער מויער. וויל מען צוקומען צום געלן, מוז מען צעברעכן דעם ווייסן.

ב) ווער קומט צום ערשטן אין שול?

ג) ווער איז זיבער פון א יונגן טויט?

ד) א גראָבע מאמע, א רויטער טאטע, א הויכער זון, א משוגענע טאָכטער - וואָס איז דאָס?

ה) א ברייטע מוטער, א הויכער פאָטער, א בלינדע טאָכטער, א משוגענער איידעם, א פלינק אייניקל - וואָס איז דאָס?

<u>געניטונג 29.</u>

שטעלט אריין די ענדונגען פון אדיעקטיוו

<u>דער געפאנגענער רב פון ראָטנבורג</u>

איבער אן איינזאמ... וועג איז זיך געגאנגען אן אלט... רב. דאָס איז געווען דער בארימט... מהר"ם וואָס איז געגאנגען קיין ירושלים. פלוצלונג איז געקומען אנטקעגן א ריטער מיט זיינ... קנעכט. דער ריטער האָט דעם אלט... ייִדן געפאנגען און געבראַכט אין טורעם פון ראָטנבורג. ווי נאָר ייִדן האָבן זיך דערוואוסט, ווער עס איז דער געפאנגענ..., האָבן זיי אים געוואָלט אויסקויפן. אָבער דער קיניג האָט פארלאנגט פאר דעם טייערן געפאנגענ... זייער א הויכ... פרייז. דער געפאנגענ... רב פון ראָטנבורג האָט געהערט וועגן דעם טייער... פרייז, וואָס דער קיניג האָט געשטעלט פאר זיין גוף, און זיין הארץ וועט צעשניטן פאר דעם ייִדנס אויסגעבלוטיקט... גראָשן.
ייִדן דארפן האָבן גאָלד און טייערע שטיינער, ווען מע וועט באדארפן דעם וואנדער־שטעקן אין האנט נעמען. און וואָס איז זיין זינדיק... גוף ווערט, אז צוליב אים זאָל מען אזוי פיל געלט אויסגעבן?
און א חרם לאָזט ער אויסרופן: קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן אים

אויסצוליזן! און עס דערגייט צו יידן דאָס וואָרט פון הייליק...
רבין. און ער בלייבט איינ... אליין, א פארשפארט... אין דעם
שטראָפטורעם.

אן איינגעמוירט... אין טורעם, זיצט ער דאָרט ביי דעם שמאָל...
קליינ... פענצטערל און קוקט ארויף אויף דעם בארג וואָס שטייט
קעגנאיבער דער שטאָט אויף דעם טיפ... טאָל וואָס רינגלט ארום די
שטאָט און אויף דעם שטיל... קוואליק... טייכל וואָס שלענגלט זיך אין
דעם טאָל ארום דער שטאָט.

אין געהיים האָבן די יידן אין טורעם אריינגעשיקט זיינ... כשר...
עסנס. אין געהיים האָבן זיי אים נייטיק... ספרים אריינגעשיקט,
אין וועלכע ער האָט געלערנט ביים ליכט פון די שטערן און לבנה,
אריינגעשיקט אויך פארמעט און פעדערן, זיינ... אייגענ... ספרים
צו שרייבן. אזוי האָט ער אָפגעלעבט א
פארשפארט... אין זיין טורעם, ביז ער איז דאָרטן געשטאָרבן.

(נאָך שלוב אשן)

<u>געניטונג 30.</u>

שטעלט אריין די ענדונגען פון אדיעקטיוו:

<u>א חתונה</u>

פון לייב ניידוס.

א חתונה, א חתונה
איז היינט ביי אונדזער הויז!
די כלה די געלאסענ...
דאָס איז שיינ... רויז.

א פלאַטערל א לופטיק... -
דאָס איז דער חתן היינטן!
עס שטראַלט דער סאַד דער דופטיק...,
פון זומערזון באַשיינט.

און לעבן פאַר דעם גליקלעכן
וואָס שטייט זיך נאָנט געפרעסט,
איז פיל א ווינקל איטלעכ...
מיט אויסגעפוצט... געסט.

מאכליכ זיינען פארטיק...
אין גאָרטן שוין צעשטעלט;
א משקה א גרויסאַרטיק...
איז אויך דאָ ניט פארפעלט.

בײ בינען בײ די זשומיק...  
א זיס,.. האָניק שטײט,  
און אין די כוסות בלומיק....  
א דופטנװײן איז גרײט.

פון בעזנבלעטער גרינינק...  
די חופּה איז געשפּינט,  
א לויטער..., א דינינק...  
צעװיגט פון לײכט... װינט.

# די קאָלירן

## גענימונג 1.

א) קענט איר אויף אויסווייניק י.ל.פּרצעס ליד „אלע מענטשן זיינען ברידער", וואו עס רעדט זיך וועגן מענטשן פון פאַרשיידענע קאָלירן און ראַסעס?

ב) לאָמיר עס לייענען און זיך אָפּשטעלן אויף די קאָלירן. אין זיין בוך „קיין אַמעריקע" באַשרייבט שלום אַש דאָס אָנקומען פון אַ שיף מיט אימיגראַנטן צום אַמעריקאַנער ברעג:

„די אַמעריקאַנער פאָן אויפן מאַסטבוים פלאַטערט שטאָלץ איבער דעם ברייטן ים, און די פּאַסאַזשירן פון פאַרשיידענע פעלקער זיינען אַרויס אויף דעם איבערדעק מקבל פּנים צו זיין דעם אַמעריקאַנער באָדן.....

אויסגעפּוצט אין יום־טוב־קליידער שטייען דאָ די פעלקער פון דער וועלט און זייערע בליקן זיינען געווענדט מיט בענקשאַפט צו דעם אַמעריקאַנער ברעג. דאָ און דאָרט זעט מען: אַ קליינרוסישער פּויער מיט זיין רויט העמדל און שוואַרצן הוט שטייט און קוקט חמעוואַטע אויף דעם וואַסער; אַ פּוילישע פּויערטע אין איר רויטן נאַציאָנאַלן קאָסטיום גרופּירט די קינדער אַרום זיך; אַ הויכער ברייטער איטאַליענער מיט זיין רויטן האַלדזטוך און צעקנייטשטן קאַפּעליוש האַלט זיין מאַנדאָלינע אין דער האַנט; אין דעם ים פון פאַרבן וואַרפט זיך דאָס קאָלירטע טוך אויף אַ שפּאַנישן שוואַרץ־מיידלשן קאָפּ; עס בלייבט זיך אַרויס צווישן דעם ים מענטשנקעפּ אַ בלאַס פּנים מיט אַ שוואַרצער באָרד פון אַ פּוילישן ייִדן... און די זון באַשימערט דאָס וואַסער, באַגיסט מיט ליכט די שיף, ברענגט צונויף די פאַרבן פון די פאַרשיידענע פעלקער אין איין גרויסער קאָלירטער פאָן."

מיר האָבן דאָ געהאַט דריי מינים ווערטער וואָס האָבן אַ שייכות צו פאַרבן:

1. ווערטער וואָס באַצייכענען פּשוט אַ פאַרב: רויט, שוואַרץ;

2. ווערטער וואָס האָבן אַ שייכות צו פאַרבן, כאָטש דאָס זיינען ניט נעמען פון באַשטימטע פאַרבן: קאָלירט, באַשימערט, בלייבט זיך אַרויס;

3. אַ וואָרט אַ צונויפגעזעצט, וואו איין טייל איז אַ נאָמען פון אַ פאַרב: שוואַרץ־מיידלשער.

## גענימונג 2.

אוודאי ווייסט איר די נעמען פון די הויפּטפאַרבן. אָבער מסתמא וועלן דאָ צוקומען אַ פּאָר נייע ווערטער, ספּעציעל פאַר געוויסע שאַטירונגען (Shades). אונטן געפינט איר פינף ענגלישע ווערטער, איבערזעצונגען פון נעמען פאַר געוויסע פאַרבן. שטעלט צו די ענגלישע איבערזעצונג צום פּאַסיקן ייִדישן וואָרט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| ווײס | קרעם | אָראַנזש | וויאָלעט |
| שוואַרץ | רויט | גרין | בעז |
| גרוי | ראָז | בלוי | פּורפּור (פּורפּל) |

Violet, Cream, Purple, Orange, Lilac.

<u>געניטונג 3.</u>

א) איר ווײסט די ווערטער <u>העל</u> און <u>טונקל</u>. ווען מע שטעלט זײ צו צו די נעמען פון די פאַרבן, באַקומען זיך שאַטירונגען:

1. רויט: העל-רויט, טונקל-רויט;
2. גרין:.........,..............,
3. ברוין: ........,..............,
4. בלוי:..........,...............,
5. גרוי:..........,..............

ב) מע שטעלט אויך צו דאָס וואָרט <u>טיף</u> אויף צו באַצײכענען אַ רײנע פאַרב, אָן מישונגען, דאָך אַ ביסל טונקל, למשל:

<u>טיפרויט</u>-אויך <u>טיפשוואַרץ</u>, <u>טיפגרין</u>.

<u>געניטונג 4.</u>

ווידער איז פאַראַן די סיסטעם אָנצורופן אַ פאַרב מיט אַ נאָמען וואָס ווערט צונויפגעשטעלט פון צווײ טײלן: 1) אַ נאָמען פון אַ זאַך וואָס האָט באַשטימטע פאַרב און 2) אַ נאָמען פון אַ הויפּט-פאַרב.

א) למשל: <u>קאַרע</u> פון בײמער האָט אַ באַשטימטע ברוינע פאַרב, איז פאַראַן אַ פאַרב <u>קאַרע-ברוין</u>.

1. דער <u>הימל</u> האָט אַ באַשטימטע בלויע פאַרב......................
2. <u>בלוט</u> האָט אַ באַשטימטע רויטע פאַרב......................
3. דער <u>שנײ</u> האָט אַ באַשטימטע ווײסע פאַרב......................
4. <u>אַליוון</u> האָבן אַ באַשטימטע גרינע פאַרב......................
5. <u>אַש</u> האָט אַ באַשטימטע גרויע פאַרב......................

- -
-

ב) און פאַרקערט -

1. <u>הירשנברוין</u> הײסט אַזוי ברוין ווי עס איז אַ הירש; Faun

.2 <u>רובינען־רויט</u> הייסט אזוי רויט ווי עס איז א........; Ruby

.3 <u>שארלאך־רויט</u> הייסט אזוי רויט ווי עס איז..........; Scarlet

.4 <u>ארבעס־גרין</u> הייסט אזוי גרין ווי עס איז..........Pea-green

.5 <u>פערלגרוי</u> הייסט אזוי גרוי ווי עס איז..............; Pearl

<u>געניטונג 5.</u>

יידיש פארמאגט א <u>פארקלענער־פארעם פון אדיעקטיוון</u>:

<u>ביטער</u> – א ביסל ווייניקער ביטער איז <u>ביטערלעך</u>;
<u>ברייט</u> – א ביסל ווייניקער ברייט איז <u>ברייטלעך</u>;

קענען מיר דורך דעם שאפן נעמען פאר נאך שאטירונגען:

.1 פון גרין.......................
.2 פון רויט.......................
.3 פון ברוין.......................
.4 פון שווארץ.......................
.5 פון גרוי.......................
.6 פון בלוי.......................
.7 פון ווייס.......................
.8 פון געל............??............

געדענקט, ווי מע שאפט די פארקלענער־פארעם פון אדיעקטיוון!

<u>געניטונג 6.</u>

איר האט געזען א רעגן־בויגן און געזען ווי די פארבן גייען איבער איינע אין די אנדערע. איז אונדז אפט שווער צו באשטימען די פארב: איז עס גרין צי בלוי? דוכט זיך אויס, אז עס איז מער <u>גרין</u> ווי בלוי, וועלן מיר זאגן: ס'איז <u>בלוי־גרין</u>; דוכט זיך אויס, אז עס איז מער <u>בלוי</u> ווי גרין וועלן מיר זאגן: ס'איז <u>גרין־בלוי</u>. מיר קענען האבן פארשיידענע <u>שטאפן</u> אדער אנדערע <u>קאלירטע</u> זאכן וואו פארבן מישן זיך און עס קומט אונדז אוים אנצורופן די באטרעפנדיקע פארב. וואס זשע באדייטן די ווערטער?

.1 <u>רויטלעך־שווארץ</u>
.2 <u>גרינלעך־גרוי</u>
.3 <u>רויט־גרוי</u>
.4 <u>גרויילעך־גרינלעך</u>

5. גרינלעך־בלוילעך
6. רויט־געל

## געניטונג 7.

–און וואָס זשע הייסט ווייס־רויט?

–העלרויטן

– ניין! עס הייסט אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט צוויי פאַרבן: מיט ווייס און מיט רויט גאַנץ באַזונדער. אַ פאָן קען זיין אַ ווייס־רויטע, אַ ווייסער שטרייף, אַ רויטער שטרייף. הייסט עס ווען די פאַרבן גייען אין קעסטעלעך, צי אין פאַסן אָדער שטרייפן – קומט אויך אויס אַזוי אָנצורופן די פאַרבן. די ציוניסטישע פאָן איז בלוי־ווייס; אַ שאָכברעט איז שוואַרץ־ווייס. פאַרשטאַנען?

–יאָ.

–ווי זשע ווייס מען, צי מע האָט אין זינען אַ צווישנפאַרב, אַ מישונג פון פאַרבן אָדער באַזונדערע פאַסן צי קעסטעלעך?

–מע קען זען נאָך די פאַרבן נאָך, עס קען דאָך ניט זיין אַ צווישנפאַרב בלויווייס.

–אָבער ביי גרין און בלוי, ביי גרין־בלוי ווי זאָלן מיר וויסן?

–קען דאָס וואָרט גרין־בלוי האָבן צוויי באַדייטן?

–יאָ, אָבער דאָך קען מען הערן דעם אונטערשייד אין די באַדייטן. ווען ביידע טיילן וואָרט זיינען גלייך שטאַרק באַטאָנט הייסט עס, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט באַזונדערע פאַרבן אין פאַסן צי קעסטעלעך. ווען דער צווייטער טייל איז אַ ביסעלע שטאַרקער באַטאָנט, האָבן מיר צו טאָן מיט אַ מישונג אָדער אַ צווישנפאַרב.

–מיר קענען ניט עס אַזוי אַקוראַט אויפכאַפּן.

–מילא. ס'איז אַ דינער אונטערשייד. עס איז בלויז געקומען צו רייד, האָב איך אָנגעוויזן אויף דעם.

## געניטונג 8.

מיר קענען שוין אַזוי פיל נעמען פון פאַרבן און שאַטירונגען און מישונגען, אַז איצט וועט אָנקומען גרינג צו ענטפערן אויף אָט די פראַגעס:

1. וואָסערע אויגן קענען זיין?
2. וואָסערע האָר קענען זיין? (אגב געדענקט די ווערטער: בלאָנד, שאַטען)
3. וואָסערע רויזן קענען זיין?
4. וואָסערע פאַרבן קענען האָבן מאַנסבילשע גאַרניטערס (אָנצוגן)?
5. וואָסערע פאַרבן קענען האָבן ווייבערשע קליידלעך?

גענימונג 9.

צווישן ארטיקל און סובסטאנטיוו איז דאָ דורכגעלאָזן אַן אַדיעקטיוו. די דורכגעלאָזענע אַדיעקטיוון ווערן אויסגערעכנט אונטן. נעמט פֿון זיי און פּאַסט אַריין. געדענקט אַז איר קענט נעמען אַן אַדיעקטיוו בלויז איין מאָל און אַז אַן אַדיעקטיוו מוז שטימען אין מין מיטן סובסטאנטיוו.

| | |
|---|---|
| דער..............פּנים | די..................חברטע |
| דער..............מאַנטל | די ................. צונג |
| דער ..............הימל | די .................ברעם |
| דער...............עפּל | דאָס.................. אויג |
| דער ..............קאָפּ | דאָס.................. בלאַט |
| דער ..............טיש | דאָס ................. קלייד |

און אָט זיינען די אַדיקעטיוון: בלאָנדער, בלאָנדע, גרינער, גרינע, העלבלויער, העלבלויע, שוואַרצער, שוואַרצע, נוס-ברוינער, רויטע, טונקלברוינער, טונקלברוינע.

גענימונג 10.

פֿאַראַן צוויי מינים פֿאַרגלייכן: 1) שטענדיקע, גרייטע, פֿאַרטיקע אין דער שפּראַך, וואָס מע דאַרף זיי ניט אויסטראַכטן און קומען אַרויף אויפֿן זינען גאַנצערהייט; 2) צוגעטראַכטע פֿון דעם וואָס רעדט אָדער שרייבט, געשאַפֿענע בשעתן ריידן. למשל: „וואָס קוקסטו ווי א ליימענער גולם" - די חכמה איז א פֿאַרטיקע, דער פֿאַרגלייך איז א שטענדיקער, ס'איז אַזאַ אידיאָם.

„וואָס קוקסטו ווי דו וואָלסט פֿאַרגעסן ווער איך בין". דאָ איז דער פֿאַרגלייך ניט קיין צו חכמהדיקער, אָבער דאָך איז עס ניט קיין אין גאַנצן גרייטע פֿאַרטיקע פֿראַזע.

די צוגעטראַכטע פֿאַרגלייכן קענען אויך זיין זייער שיינע, קינסטלערישע. מיר געפֿינען אַזעלכע שיינע פֿאַרגלייכן אין לידער און אין פּראָזע פֿון גרויסע שרייבערס.

לאָמיר נעמען נאָך א ביישפּיל. מע זאָגט: ביטער ווי דער טויט, ביטער ווי גאַל;

דאָס זיינען שטענדיקע פֿאַרגלייכן.

אָבער אפילו אין פֿאָלקסלידער קען מען געפֿינען פֿאַרגלייכן צוגעטראַכטע.

למשל: אין דעם פֿאָלקסליד „די גאָלדענע פּאַווע":

ווי עס איז ביטער, מיין ליבע מוטער,

א פײגעלע אויפֿן ים,
א פײגעלע אויפֿן ים,
אזוי איז ביטער, מײַן ליבע מוטער ) 2
בײַ א שלעכטן מאַן. ) מאָל

און װײַטער:

װי עס איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
א פײגעלע אָן א נעסט,
א פײגעלע אָן א נעסט,
אזוי איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,)2
שװער און שװיגערס קעסט. ) מאָל

- -
-

1. גיט איר בײַשפּילן פֿון שטענדיקע פֿארגלײַכן.
2. עפֿנט אײַער לײענבוך און געפֿינט דאָרטן בײַשפּילן פֿון צוגעטראכטע קינסטלערישע פֿארגלײַכן.
3. אין דער הײם זוכט אױס צען קינסטלערישע פֿארגלײַכן װאָס געפֿעלן אײַך.

גענימונג 11.

מיר פֿארנעמען זיך איצט מיט די שטענדיקע פֿארגלײַכן. מיט די נעמען פֿון פֿארבן קומען מיט שטענדיקע פֿארגלײַכן. לאָמיר זײ דאָ געפֿינען!

בלויז אײן פֿארגלײַך איז דאָ דער פּאַסיקער; געפֿינט אים און שטרײַכט אים אונטער!

1. גרין (װי א װאָרעם, װי אליװן, װי גרז, װי דער טויט)
2. װײַס (װי א האנטעך, װי א פּערל, װי פּאַפּיר, װי שניי)
3. שװארץ (װי א נעגער, װי קאַװע, װי די נאכט, װי דעם גזלנס געװיסן)
4. רויט (װי א מער, װי א צימעס, װי א שיכור, װי א בוריק)
5. בלוי (װי א טוך, װי דער הימל, װי בלײַ, װי אינדיגאָ)
6. גרוי (װי א טויב, װי א קאַנאַריק, װי א פּראָש, װי א הירש)
7. געל (װי שטרוי, װי װאקס, װי לײם, װי זילבער)
8. בלײך (װי א דערשראָקענער, װי בלײַ, װי די װאנט, װי זילבער)
9. רויט (װי פֿײער, װי קארשן, װי א ליכט, װי א ציגײַנער)

10. שוואַרץ (ווי א לוויה, ווי א בוים, ווי א פראָש, ווי א ציגײַנער)

11. ליכטיק (ווי די לבנה, ווי די זון, ווי עלעקטרע, ווי דער שטערן)

12. פינצטער (ווי דער ציגײַנער, ווי אין היל, ווי בלײַ, ווי די נאַכט)

13. בלײך (ווי א טויט, ווי א האַנטעך, ווי פערל, ווי שניי)

14. שוואַרץ (ווי א פליטע, ווי קויל, ווי א פאַן, ווי אין א היל)

15. גרין ( ווי בלײַ, ווי א צווײַג, ווי א פראָש, ווי גראָז)

גענימונג 12.

ווידער די שטענדיקע פאַרגלײַכן. דאָ ווערט געגעבן דער פאַרגלײַך. פאַסט צו די געהעריקע אײגנשאַפטן

1. גרין ( ) ווי וואַקס.

2. שוואַרץ ( ) ווי בלוט,

3. רויט ( ) ווי די וואַנט.

4. ווײַס ( ) ווי בלײַ.

5. ליכטיק ( ) ווי א בלאַט.

6. גרוי ( ) ווי א טויט

7. געל ( ) ווי דער מאָרגן-שטערן

8. בלײך ( ) ווי סאַזשע.

גענימונג 13.

און צוריק צו ווערטער און אויסדרוקן וואָס האָבן א שײַכות צו פאַרב.

א) לאָמיר זען, צי מיר ווייסן דאָ אַלץ.

| | |
|---|---|
| פאַרב | מאָלן |
| קאָליר | קאָלירן |
| שאַטירונג | באַפאַרבן |
| ניואַנס | באַמאָלן |
| | |
| צײכענען | פענדזל |
| גרימירן | בלײַער |
| לאַקירן | קרײַדל |
| פאַרבן | קויל |

| | |
|---|---|
| אײלפארב | איבערפארבן |
| װאסערפארב | בלײכן |
| גרים | פארשמירן |
| פארבערײ | צונויפמישן |
| | |
| אפגעבלײכט | צארט |
| פארװעלקט | אײדל |
| מאט | שרײאיק |
| בלאס | געשמאקלאז |
| | |
| עס פאסט | עס רײסט די אויגן |
| עס קלײדט | עס שעמערירט |
| עס הארמאָנירט | עס פינקלט |
| עס איז אָנגענעם פארן אויג | עס שטראלט |
| | |
| עס גלאנצט | פארשײדנפארביק |
| עס פאלט אין.... | בונט |

ב) טראכט צו זאצן מיט די װערטער: <u>פארװעלקט</u>, <u>פענדזל</u>, <u>געשמאקלאָז</u>, <u>עס פאלט אין</u>..., <u>עס רײסט די אויגן</u>, <u>עס איז אָנגענעם פארן אויג</u>.

בײשפיל: זײנע האָר זײנען אזוי שװארץ אז עס פאלט אזש אין בלוי.

ג) דאָ זײנען פאראן סינאָנימען. אפשר קענט איר געפינען אויך דעם אונטערשײד צװישן זײ, למשל:

1. <u>פארב</u> און <u>קאָליר</u> זײנען סינאָנימען, בײדע װערטער קען מען איבערזעצן מיטן ענגלישן װאָרט color, אָבער דאָס ענגלישע װאָרט paint קען מען איבערזעצן נאָר מיטן װאָרט <u>פארב</u> און בשום אופן ניט מיטן װאָרט color. טראכט צו זאצן װאָס זאָלן באלײכטן אָט דעם אונטערשײד.

2. <u>פארב</u> און <u>גרים</u>. װאָס איז דער אונטערשײד?

3. <u>אָפגעבלײכט</u> און <u>פארװעלקט</u>. װאָס איז דער אונטערשײד?

4. <u>שרײאיק</u> און <u>געשמאקלאָז</u>. װאָס איז דער אונטערשײד?

5. <u>צײכענען</u> און <u>מאָלן</u>. װאָס איז דער אונטערשײד?

6. <u>באפארבן</u> און <u>איבערפארבן</u>. װאָס איז דער אונטערשײד?

7. <u>איבערפארבן</u> און <u>איבערמאָלן</u>. װאָס איז דער אונטערשײד?

## <u>געניטונג 14.</u>

א) פאראן לײדער צװײ װערטער װאָס א סך מענטשן פלאָנטערן זײ.

<u>מאָליער</u> - אן ארבעטער װאָס פארבט די װענט, די דילן, א בױ-ארבעטער. מערצאָל - <u>מאָליארעס</u>!

מאָלער - א קינסטלער וואָס מאָלט בילדער. מערצאָל מאָלערס:

1. פאַרגעדענקטן

2. רופט אָן נעמען פון עטלעכע וועלט-באַרימטע מאָלערס.

3. וועגן וועלכע יידישע מאָלערס האָט איר געהערט?

4. דערציילט וועגן א בילדער-אויסשטעלונג.

ב) און איצט דאָס וואָרט פאַרבער. א מענטש וואָס פאַרנעמט זיך מיטן פאַרבן שטאָפן, מיט איבערפאַרבן בגדים און ענלעכס הייסט א פאַרבער. אויף ענגליש dyer הייסט עס




**געניטונג 15.**

מיר האָבן געהאַט א צונויפהעפט שוואַרץ-מיידלשער (קאָפּ) - זען געניטונג 1. דאָ איז צונויפגעהעפט:

1. א שוואַרצער קאָפּ + א מיידלשער קאָפּ = שוואַרץ-מיידלשער קאָפּ.

מאַכט עס איצט אליין:

2. א שוואַרצע מיידל + א חנעוודיקע מיידל =…

3. גאָלדענע האָר + געלאָקטע האָר = …

- -
-

אן אַפּטערער אופן צו שאַפן אזעלכע צונויפהעפטן איז אָט דער:

1. א בחור מיט רויטע האָר - א רויט-האָריקער בחור.

2. א מיידעלע מיט בלויע אויגן - א…מיידעלע.

3. א ייד מיט א בלאַסן פנים - א…ייד.

4. שטאָפן מיט פאַרשיידענע פאַרבן-א…שטאָפן.

5. מענטש מיט א גוטן האַרץ -א…מענטש.

6. אמעריקאַנער מיט רויטע הויט-א…אמעריקאַנער.

גענ'טונג 16.

א) טרעפט די רעטעניש: א ווײַסער מויער, א געלער מויער, וויל מען קומען צום געלן - מוז מען דורכברעכן דעם ווײַסן.

ב) האָט איר געהערט אָט די שפּריכווערטער?

1. די זעלביקע זון מאַכט לײַוונט ווײַס און דעם ציגײַנער שוואַרץ.
2. אַלע שיכורים האָבן רויטע נעזער, אָבער ניט אַלע מענטשן מיט רויטע נעזער זײַנען שיכורים.

ג) פון א פאָלקסליד.

בחורים זינגען עס אזוי:

שוואַרצע קאַרשן רײַסן מיר,
רויטע לאָזן מיר שטײן -
שיינע מײדלעך נעמען מיר,
מיאוסע לאָזן מיר גײן.

און מײדלעך זינגען עס נאָר א ביסעלע אנדערש:

שוואַרצע קאַרשן רײַסן מיר,
רויטע לאָזן מיר שטײן -
שײנע חתנים נעמען מיר,
מיאוסע לאָזן מיר גײן.

ד) סתם א פײַן קינדערלידל . . (דוד אײנהאָרן)

די קאָרן-שוועסטערלעך

קענט איר, קינדערלעך,
די קאָרן-שוועסטערלעך?
זײ זײַנען בלימעלעך
אין פרײַען פעלד.
פאראַן אי בלויאינקע,
פאראַן אי רויטינקע,
פאראַן אויך געלינקע -
ווי אײך געפעלט (2 מאָל)

זײ וואַקסן טויזנטער
אין אַלע ווינקעלעך,
וואו זאַנגען וויגן זיך
און תבואה בליט.
גאָטס פעלד באַקרוינען זײ,
זײן ברויט באַשײנען זײ
און בליען לוסטיקע -
פון זון געהיט (2 מאָל)

גענ'טונג 17.

ריכטיק אָדער פאַלש

אויב אַלץ איז דאָ ריכטיק - שטרײַכט אונטער דאָס וואָרט ריכטיק, אויב

אלץ אָדער טײלװײז איז פאלש - שטרײכט אונטער דאָס װאָרט <u>פאלש</u>.

1. מאָלער איז א מענטש װאָס מאָלט בילדער און מאָליער א מענטש װאָס פארבט די דילן און די װענט. ריכטיק-פאלש

2. די ײדישע שפראך פארמאָגט א סך שטענדיקע פארגלײכן. ריכטיק-פאלש

3. שרײאיקע קאָלירן רײסן די אויגן. ריכטיק-פאלש

4. זי האָט געטראָגן אן אײנפאך װײס קלײד װאָס האָט שעמערירט מיט פארשײדענע קאָלירן. ריכטיק-פאלש

5. ברוין און גרין הארמאָנירן בעסער װי רויט און געל. ריכטיק-פאלש

6. זי האָט א פײנעם געשמאַק, איר קלײד האָט צװײ פארבן: רויט און פורפל. ריכטיק-פאלש

7. ראָז, פורפור, בעז, שטײן, בלײ זײנען נעמען פון פארבן. ריכטיק-פאלש

8. מע צײכנט מיט א בלײער, מע פארבט מיט א פענדזל. ריכטיק-פאלש

9. עס איז ניטאָ קײן שום אונטערשײד צװישן די װערטער: פארב און קאָליר. ריכטיק-פאלש

10. פארבן װאָס הארמאָנירן זײנען אָנגענעם פארן אויג. ריכטיק-פאלש

11. פאראן רויזן פון אלע מינים פארבן. ריכטיק-פאלש

12. מארק שאגאל איז א באריםטער ײדישער פארבער. ריכטיק-פאלש

13. די זון בלײכט אָפּ פארשײדענע פארביקע שטאָפן. ריכטיק-פאלש

14. א ברוינהויטיקער הײסט א מענטש מיט ברוינע הויט. ריכטיק-פאלש

15. ער האָט אזעלכע שװארצע האָר אז עס פאלט אױש אין רויט. ריכטיק-פאלש

16. זי האָט געזונטע רויטע באַקן, רויטע װי טאָמשע. ריכטיק-פאלש

17. בלאָנד און שאָטען קען מען זאָגן נאָר װעגן האָר. ריכטיק-פאלש

18. טיפשװארץ איז די זעלביקע זאך װאָס גרוי. ריכטיק-פאלש

19. בלוי און װײס הארמאָנירן ניט. ריכטיק-פאלש

20. פאראן פארשײדן-פארביקע רויזן.. ריכטיק-פאלש

## וואָס הערט זיך עפּעס אין קלוב?

גענײטונג ו.

א) געהערט איר צו אן אלומני־קלוב? ווער פירט אָן מיטן קלוב? ווי אָפט קומט איר זיך צונויף? וואָס טוט איר אויף אײַערע פאַרזאַמלונגען? וואָסערע אונטערנעמונגען קלײַבט איר זיך דורכצופירן? וואָסערע אונטערנעמונגען האָט איר שוין געהאַט?

ב) ווער איז דער פּאַרזיצער פון אײַער קלוב? דער קאַסיר? דער סעקרעטאַר? האָט איר אײן סעקרעטאַר פאַר אַלע אַרבעטן אָדער איר האָט אַ באַזונדערן פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר און אַ באַזונדערן קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַר?

ג) -איז עפּעס דער פּאַרזיצער אַ גענײטער פּאַרזיצער?

-יאָ, ער פאַרשטײט גוט ווי צו פירן אַ זיצונג.

-איז רואיק בײַ אײַך אויף אײַערע זיצונגען?

-אונדזער פּאַרזיצער איז זײער אַ שטרענגער.

(און ווײַטער שטעלט אַרײַן די פראַגעס)

1.............................................

-אַלע זײַנען מיט אים צופרידן, אָבער איך ניט.

2.............................................

-איך מײן, אַז ער רעדט צו פיל און לאָזט ניט די אַנדערע חברים רײדן.

3.............................................

-יאָ, אונדזער פּאַרזיצער רעדט זײער פײַן ייִדיש. אָבער ניט נאָר ער אַלײן איז אַזאַ בריה.

4.............................................

-איך בין דער פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר.

5.............................................

-איך פאַרשרײַב נאָר די פראַגעס וואָס מע באַטראַכט און די באַשלוסן וואָס מע נעמט אָן. די מײנונגען וואָס מע זאָגט אַרויס פאַרשרײַב איך ניט אין פּראָטאָקאָל.

6.............................................

-קײנער האָט ניט קײן טענות צו מײַנע פּראָטאָקאָלן. אַלע מאָל ווערט דער פּראָטאָקאָל באַשטעטיקט אָן שום צוגאָבן.

## געניטונג 2.

ענטפערט אויף די פראגעס:

1. ווען האט זיך געשאפן אייער קלוב?
2. ווען איז פארגעקומען די גרינדונגס-פארזאמלונג?
3. פון ווי פיל מאן באשטייט די פארוואלטונג?
4. ווי אפט קומען פאר זיצונגען פון פארוואלטונג?
5. ווער ארבעט אויס די טאג-ארדענונג פאר די פארזאמלונגען פון קלוב?
6. וואסערע פונקטן זיינען דא געווײנלעך אויף דער טאג-ארדענונג?
7. זיינען פאראן אקטיווע מיטגלידער פון קלוב חוץ די וואס גייען אריין אין פארוואלטונג?
8. קומט אייך אפט אויס אפצולייגן פראגעס פון איין זיצונג אויף דער צווייטער?
9. האט אייער קלוב געהאט אן ארויספאר? דערציילט געניער וועגן ארויספאר.
10. האט דער קלוב געהאט א טאנצאוונט? ווי איז ער דורכגעגאנגען?

## געניטונג 3.

א) פערל דערציילט:

„עס איז ניט געגאנגען, פון אנהייב אן האט זיך ניט געקלעפט.
דער עולם איז ניט געקומען צו דער צייט. ווען דער פארזיצער
האט געעפנט די זיצונג, זיינען געווען ווייניק חברים. מען איז
ביסלעכווייז צוגעקומען אין מיטן. די ניי געקומענע האבן ניט
געוואוסט וואס עס איז פריער געווען און האבן געהאלטן אין איין
איבערפרעגן און מען האט געמוזט זיי איבערדערציילן. איז דאס
געווען לאנגווייליק פאר די פינקטלעכע מיטגלידער פון קלוב. די
טאג-ארדענונג איז ניט געווען צוגעגרייט. מען האט געפטרט א
סך צייט, ביז די פארזאמלונג האט אנגענומען די טאג-ארדענונג.
יעדער איינער האט פארגעלייגט אן אנדער פונקט. נאך דעם האט מען
זיך געאמפערט וועגן סדר פון די פונקטן. אז מען האט שוין גע-
האט די טאג-ארדענונג צונויפגעשטעלט אין א מזלדיקער מינוט,
האט דער פראטאקאל-סעקרעטער פארגעלייענט דעם פראטאקאל פון דער
פאריקער זיצונג. איז דער פראטאקאל געווען ניט אין גאנצן קיין
ריכטיקער. איין באשלוס האט דער סעקרעטאר פארגעסן צו פארשרייבן
און איין פונקט האט ער ניט גענוג פינקטלעך פארשריבן. האבן
חברים געהאט וואס צוצוגעבן צום פראטאקאל און מען האט זיך
ארום פראטאקאל געדרייט אהין און אהער. געקומען די מזלדיקע
מינוט, ווען מען האט דעם פארריכטן פראטאקאל באשטעטיקט. ווי
נאר מען האט אנגעהויבן באטראכטן די פראגע, וואס איז געשטאנען
אויפן ערשטן פונקט פון טאג-ארדענונג, האט מען גלייך גענומען שרייען:
„אפלייגן! אפלייגן!" האט מען געשטימט און איבערגעשטימט, עס
איז ניט געווען קלאר, צי די מערהייט איז פארן אפלייגן אדער ניט.
דער פארזיצער האט ענדלעך געמאלדן: „מיר גייען אריבער צום
ווייטערדיקן פונקט". זיינען א טייל געבליבן אומצופרידן. אלע
האבן געבעטן ווערטער, אלע האבן פון די ערטער גענומען מאכן
באמערקונגען, א פאר האבן געשריען, אז מע מוז אויסדריקן אומ-

צוטרוי דעם פֿאַרזיצער. דער עולם האָט זיך דאָך באַרואיקט. די מערהייט האָט איינגעזען, אַז ס'איז ניטאָ איבער וואָס זיך צעקריגן. מען איז אַריבער צו דער צווייטער פֿראַגע. אָבער דער חבר וואָס האָט געדאַרפֿט צוגרייטן אַ באַריכט איז גראָד קראַנק געוואָרן. ער איז אין שול דעם טאָג אויך ניט געווען. האָט מען געמוזט די פֿראַגע אויך אָפּלייגן. אַז מען איז גע־קומען צו די אַנדערע פֿראַגעס, איז מען שוין געווען מיד און מען האָט ווי ניט איז דערשלעפּט די זיצונג ביזן סוף. ס'איז ניט געווען אינטערעסאַנט און עס איז געווען אַ פֿאַרדראָס, פֿאַר וואָס מיר פֿאַרשטייען נאָך ניט צו אָרגאַניזירן אַזוי, אַז יעדער פֿאַרזאַמלונג פֿון קלוב זאָל זיין אינטערעסאַנט און באַלערנדיק.

ב) ווער קען דערציילן וועגן זייער אַ פּראָדוקטיווער פֿאַרזאַמלונג, וועגן וויכטיקע באַשלוסן וואָס מען האָט אָנגענומען, וועגן אַן אינטערעסאַנטער דעבאַטע וואָס מען האָט געפֿירט?

גענימונג 4.

ווער האָט עס געזאָגט: דער פֿאַרזיצער אָדער אַ מיטגליד פֿון דער פֿאַרזאַמלונג?

1...............קיינער איז ניט קעגן דעם פֿאָרשלאָג?

2...............מיר גייען אַריבער צום ווייטערדיקן פּונקט פֿון טאָג־אָרדענונג.

3. .............דער פֿאָרשלאָג איז דורכגעפֿאַלן!

4...............איך וועל אונטערשטיצן דעם פֿאָרשלאָג.

5...............איך בעט אַ וואָרט.

6...............איצט האָט דאָס וואָרט חבר......

7...............איך בעט איבערשטימען, ווייל די אָפּשטימונג איז מיר פֿריער ניט געווען קלאָר.

8. .............איך בעט אַ וואָרט פֿאַר אַ פּערזענלעכער דערקלערונג.

9...............קיינער איז ניט קעגן? אָנגענומען!

10..............כ'לייג פֿאָר אויסצודריקן אומצוטרוי דעם פֿאַרזיצער.

11..............איך באַשטיי אויפֿן פֿאָרשלאָג. איך וויל אים פֿאַרטיידיקן.

12..............כ'בעט ריידן צו דער זאַך!

<u>געניטונג 5.</u>

וואָס קומט דאָ: <u>וואָרט</u> אָדער <u>פאָרשלאָג</u>?

1. ............איז דורכגעפאַלן.

2. מיר וועלן דעם..............באַטראַכטן אויף דער קומענדיקער זיצונג.

3. דער פאָרזיצער וויל ניט דעם.............שטעלן צו דער אָפּשטימונג.

4. איך בעט אַ................ צו דער אָרדענונג.

5. גוט, איר קריגט אַ ................

6. קיינער האָט דעם ............ ניט אונטערגעשטיצט.

7. איצט האָט דאָס.............דער חבר סעקרעטאַר. שטערט אים ניט ריידן.

8. ס'איז די לעצטע וואָרנונג, איך וועל צונעמען פון אייך דאָס...............

9. מע קען ניט סתם נעמען אַ ........... צו מאַכן אַ.........; אַ............... דאַרף מען בעטן און מע דאַרף וואַרטן מיטן ריידן, ביז מע קריגט דאָס ..............

10. אַ גרויסע מערהייט איז פאַרן..............., דער.......... איז אָנגענומען.

11. אין דער צייט פון דער אָפּשטימונג קענט איר שוין קיין...... ניט קריגן און קיין............... ניט מאַכן.

12. דער............איז ניט צו דער זאַך, איך קען אַזאַ ............. ניט אָננעמען.

<u>געניטונג 6.</u>

מיר האָבן דאָ אונטן אויסגעשטעלט אין סדר פון אלף־בית די אַלע אויסדרוקן וואָס מיר האָבן שוין געהאַט צו טאָן מיט זיי, גרופּירט איבער די אַלע אויסדרוקן: שרייבט אויס באַזונדער די אויסדרוקן וואו עס טרעפט זיך דאָס וואָרט <u>פאָרשלאָג</u>, נאָך דעם דאָס וואָרט <u>פראַגע</u>, דאָס וואָרט <u>וואָרט</u>, דאָס וואָרט <u>פּראָטאָקאָל</u>, און די לעצטע גרופּע זאָל זיין <u>פאַרשיידענע אויסדרוקן</u>.

אונטערשטיצן א פאָרשלאָג
אויסדריקן אומצוטרוי דעם פאָרזיצער
איבערשטימען א פאָרשלאָג
איינשטימיק אָננעמען א פאָרשלאָג
אָננעמען מיט א פשוטער מערהייט שטימען
אָפלייגן א פראגע
אָפשטימען א פאָרשלאָג
אראָפנעמען דעם פאָרשלאָג
אָראָפנעמען פון טאָג־אָרדענונג
אריבערגיין צום ווייטערדיקן פונקט
באגרענעצן די צייט פון ריידן
באטראכטן א פראגע
באשטיין ` אויפן פאָרשלאָג
באשטעטיקן דעם פראָטאָקאָל
באשליסן א פראגע
בעטן א וואָרט
דורכווארפן א פאָרשלאָג
מאכן א באמערקונג
מאכן א מעדלונג
מאכן א פאָרשלאָג

נעמען א וואָרט
פאָרלייענען דעם פראָטאָקאָל
פארריכטן דעם פראָטאָקאָל
צוגאָב צום פאָרשלאָג
צוגעבן צום פראָטאָקאָל
צונעמען דאָס וואָרט
קריגן א וואָרט
ריידן קעגן פאָרשלאָג
שטייט אויף דער טאָג־אָרדענונג
שטעלן דעם פאָרשלאָג צו דער אָפשטימונג.

## א קרייצוואָרט־רעטעניש



**פון רעכטס אויף לינקס:**

1. ניט מיט אן אלף. 3. א ווינקל פון א גאס. 6. א נאָמען.
8. א פארקער־מיטל. 9. דער לעטצער רוּאָרט. 12. א טייל פון מעת־לעת,
14. א רוף. 15. נאָר ווען מען האָט פיס קען מען עס מאַכן. 16. אמאַליקע
יידישע אָרגאַניזאַציע־פאָרעם. 17. הויז, צימער, וואוינונג. 20. שלעכט.
23. אַרבעט. 24. געהערט צו קליידונג. 25. זי זייגט דאָס עופעלע.
26. איבער יעדער קראַם. 30. א פאַלק. 28. ווערט געזונגען.
31. אָפּרעכענען זיך מיט א שונא. 33. שרעק. 36. א פרעגווערטל.
36. א צאָל. 39. אן אות. 40. טייוול. 41. דעק. 42. דאָ.

**פון אויבן אויף אונטן:**

1. א טייל פון פנים. 2. אן אָפּט ווערטל. 3. נאָר. 4. נאָמען
פון א באוואוסטן יידישן שרייבער. 5. א גוי וואָס איז געוואָרן א ייד.
6. מע מאכט פון דעם זומערהיט. 7. א חודש. 13. ווען מאן און
ווייב צעשיידן זיך. 17 אן אויפפאסער אין א בית־מדרש. 18. א
געטראנק. 19. א מלבוש. 20. אן אימפעראטיוו פון א ווערב וואָס האָט
א שייכות צו א בוים. 21. נייטיק ווען איר צעקראצט זיך. 22. א
האלב יאָר. 27. האָט א שייכות צום לערנען. 31. א ווערטל, ווען איר
אונטער. 32. אן אויסדרוק פון ליבשאפט. 34. א שורה. 35. ארטיק
37. א זייט, א ריכטונג, א גרופע ביי א שטרייט. 38. ביים געבן עפעס.

## די קומעדיקע צייט פון ווערב

גענ"טונג 1.

שלום־עליכמס וויגליד איז געוואָרן ממש א פאָלקסליד

שלאָף, מיין קינד, מיין טרייסט, מיין שיינער
שלאָף, מיין זונעניו!
שלאָף מיין קרוין, מיין קדיש איינער,
ליולינקע ליו־ליו.

ביי דיין וויגל זיצט דיין מאַמע,
זינגט א ליד און וויינט,
וועסט א מאָל פאַרשטיין מסתמא
וואָס זי האָט געמיינט.

אין אַמעריקע דער טאַטע
דיינער, זונעניו!
ביסט א קינד נאָך, שלאָף לעת־עתה,
שלאָף זשע, שלאָף ליו־ליו.

גאָט וועט היטן, וועט ער שיקן
בריוולעך, זונעניו!
גאָר אין גיכן אונדז באַגליקן,
שלאָף זשע, שלאָף ליו־ליו.

ער וועט שיקן צוואַנציק דאָלער,
זיין פאָרטרעט דערצו,
און וועט נעמען, לעבן זאָל ער,
אונדז אהינצוצו.

ער וועט אַלץ פון אונדזערטוועגן שאַפן, זונעניו,
און וועט פאָרן אונדז אַנטקעגן,
שלאָף זשע, שלאָף ליו־ליו.

און וועט כאַפן דיך צום קישן,
שווייגן אַזש פאַר פרייד,
איך וועל קוואַלן טרערן גיסן,
וויינען שטילערהייט.

ביז עס קומט דאָס גוטע קוויטל,
שלאָף זשע, זונעניו,
שלאָפן איז א טייער מיטל -
ליולינקע, ליו־ליו.

- -
-

לאָמיר זיך צוקוקן צו די פאָרמען פון דער קומעדיקער צייט:

1. זיי באַשטייען פון צוויי טיילן, דעם הילפסווערב און דעם אינפיניטיוו.

2) אַלע ווערבן האָבן דאָ דעם זעלביקן הילפסווערב:

איך וועל, דו וועסט, ער וועט, מיר וועלן, איר וועט, זיי וועלן.

קען מען אָט די זעקס ווערטעלעך, קען מען בייגן דעם ווערב אין דער קומעדיקער צייט.

3) און דער אינפיניטיוו? אַלע אינפיניטיוון ענדיקן זיך אויף ־ן און ־ען.

ווען זשע קומט ־ן און ווען ־ען?

געניטונג 2.

אינפיניטיוו אויף ־ן און אויף ־ען

לאָמיר זיך צוקוקן צו די אינפיניטיוון אין די ווײַטערדיקע שפּריכווערטער:

1. אַלצדינג קען דער מענטש פאַרגעסן, אָבער ניט צו עסן.
2. אויף אַ פרעמדער באָרד איז גוט זיך צו לערנען שערן.
3. אַ באָרימער איז גוט צו שלאָגן.
4. בעסער צוויי מאָל פרעגן איידער איין מאָל בלאָנדזשען.
5. ווער עס האָט ליב צו נעמען האָט ניט ליב צו געבן.
6. ס'פאַראַן אַ צייט צו ברעכן און אַ צייט צו בויען.
7. גנבענען און גזלען זאָל מען ־ און אַ פיינער מענטש זאָל מען בלייבן?
8. לייען און באָרגן פאַרשאַפט פיל זאָרגן.
9. געהערט קלינגען און קען ניט נאָכזינגען.
10. מיט פרעמדע געלט קען מען ניט האַנדלען.

- -
-

1. שרייבט אויס אַלע אינפיניטיוון און טיילט זיי אין אין צוויי גרופּעס: אויף ־ן און אויף ען;
2. דערמאָנט זיך וועגן דעם, אַז ווערבן געהערן צו צוויי פאַרשיידענע קאָניוגאַציעס. וועלכע ווערבן געהערן צו דער צווייטער קאָניוגאַציע? אויף וואָס ענדיקט זיך דער אינפיניטיוו פון ווערבן פון דער צווייטער קאָניוגאַציע?
3. אויב דער שטאַם פון ווערב ענדיקט זיך מיט אַ וואָקאַל, איז די ענדונג פון אינפיניטיוו......?
(זע: בויען, לייען)
4. אויב דער שטאַם פון ווערב ענדיקט זיך אויף מ אָדער נ, איז די ענדונג פון אינפיניטיוו.......?
5. ווען נאָך ענדיקט זיך דער אינפיניטיוו אויף ־ען?
(זע: קלינגען, זינגען; האַנדלען)

געניטונג 3.

זעט צו פאַרגעדענקען:

1. אַלע ווערבן וואָס אין דער ערשטער פּערזאָן איינצאָל פון

דער איצטיקער צײט ענדיקן זײ זיך אויף אן ־ע (דאָס הײסט אלע װערבן פון דער צװײטער קאָניוגאציע) האָבן אין אינפיניטיװ ־ען (צום ע פון װערבאלן שטאם קומט צו ־ן פון אינפיניטיװ): בלאָנדזשען, גנבען און אויך פארדאָפּלט גנבענען.

אויף ־ען ענדיקט זיך דער אינפיניטיװ

2. פון אלע זערבן װאָס זײער שטאם ענדיקט זיך אויף א װאָקאל ( vowel ): פליען, בויען, לײען.

3. פון אלע װערבן װאָס זײער שטאם ענדיקט זיך אויף א
מ ־ קומען; נ ־ ברענען;
נג ־ קלינגען; נק ־ טרינקען;
און ל, אויב פארן ל קומט א קאָנסאָנאט ־ האנדלען.
דעם ע פארן ־ן דארף מען ארויסרײדן, מע דארף אים הערן.

- -
-

אװדאי קענט איר אָט די אינפיניטיװן װאָס זײנען אויסנעמען:

זײן; גײן; שטײן; טאָן (טון); זען; װיסן (איך װײס); געבן (איך גיב).

- -
-

א) איר האָט דאָ אונטן אינפיניטיװן אויף ־ען. סאָרטירט זײ אין דרײ גרופּעס;

1. װערבן פון דער צװײטער קאָניוגאציע.
2. װערבן װאָס זײער שטאם ענדיקט זיך אויף א װאָקאל.
3. װערבן װאָס זײער שטאם ענדיקט זיך אויף מ, נ, נג, נק און ל (װאָס פאר אים קומט א קאָנסאָנאנט):

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| בויען | גליען | הינקען | מוטשען | קוילען |
| בלאָנדזשען | געפינען | װײנען | נײען | קומען |
| בענקען | גריזשען | זשאלעװען | נעמען | רוען |
| ברענען | דרײען | חנפענען | פליען | שװימען |
| גזלען | האָרעװען | טרײסלען | ציען | שלינגען |
| גנבענען | הרגענען | לײען | קװיטשען | שפײען |

ב) איר האָט דאָ װידער אינפיניטיװן אויף ־ען. סאָרטירט זײ אין פינף גרופּעס נאָך דעם װי עס ענדיקט זיך זײער שטאם 1) אויף מ, 2) אויף נ, 3) אויף נג, 4) אויף נק, 5) אויף א ל (װאָס פאר אים קומט א קאָנסאָנאנט).

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| בענקען | הינקען | נעמען | קומען | שטורעמען |
| ברומען | הענגען | פינטלען | קלינגען | שלינגען |
| גזלען | זינגען | פאנגען | ראמען | שעמען זיך |
| געװינען | זינקען | פארגינען | רינען | שענקען |
| דינגען | חשבונען | צװינגען | רעגענען | שפינען |
| האנדלען | טרײסלען | צערטלען | שװימען | שפרינגען |

גענ יטונג 4.

פון י.באָװשאָװערס ליד „צום פאָלק":

הײב אויף דײַנע אויגן און זע די געמויערטע, גרויסע פאַבריקן,
װאו ארבעטער זעגן און הובלען און װעבן און נײען און שטריקן,
און שמידן און פײלן און טאָקן און שניצן און גלעטן און פוצן
און שאַפן פּראָדוקטן און שאַפן דאָס רײַכטום צום מענטשלעכן נוצן.

די אונטערגעשטרײַכטע װערטער זײַנען דאָ די ערשטע פּערזאָן מערצאָל
פון דער איצטיקער צײַט. גלײַכצײַטיק אָבער פאַלן זײ צונויף מיט
דער פאָרעם פון אינפיניטיװ.

די ערשטע און די דריטע פּערזאָן מערצאָל פון דער איצטיקער צײַט
און דער אינפיניטיװ זײַנען שטענדיק גלײַך צװישן אַנאַנד.

זײ זײַנען שטענדיקע גראַמאַטישע האָמאָנימען.

- -
-

דאָך זײַנען פאַראַן א פּאָר אויסנעמען. אָט זײַנען זײ:

1. מיר, זײ זײַנען
מע דאַרף זײַן

2) מיר, זײ גײען
לאָמיר גײן

3) מיר, זײ שטײען
לאָמיר שטײן

4. מיר, זײ טוען
מע מוז טאָן, טון

5. מיר, זײ זעען
מע קען ניט זען

6. מיר, זײ װײסן
מע קען ניט װיסן

7. מיר, זײ גיבן
מע דאַרף געבן

לאָמיר זיך צוקוקן:

(פון „אָנקל מאָזעס", שלום אש)
א ביסל איבערגעמאַכט

אָנקל מאָזעס צו די װאָס פּיקעטן זײַן שאַפּ: „װאָס װעט זײַן
דער סוף פון שטײן?"

די װאָס פּיקעטן: „מיר װײסן ניט. געהײסן שטײן, שטײען מיר."

אָנקל מאָזעס: „אָבער װאָס װילט איר?"

די װאָס פּיקעטן: „מיר װײסן גאַרניט. מיר װילן ניט װיסן.
געהײסן שטײן, שטײען מיר."

- -
-

1. מיר גײען און גײען, װי לאַנג װעט מען..........?

2. װאָס מיר זײַנען מיר, אָבער..

וואָס מיר טוען טוען מיר, אָבער (טראכט אליין צו עס זאל זיין דער אינפיניטיוו פון ווערב)

3. -מיר זעען, מיר זעען! - איר זעט? איך קען קיין זאך ניט....

<u>קלערט צו נאך אזעלכע בייספילן פאר די אויסנעמען.</u>

<u>געניטונג 5.</u>

פארענדיקט! ען אדער ן!

1. אז מע גיט א זעץ איין הונט וואי... אלע הינט. 2. קוק... און הער... און שוויג... 3. מיט איין שוועבעלע קען מען פארברענ... א גאנצע שטאט. 4. זיפצ... און קרעכצ... צעברעכ... א האלבן גוף פון דעם מענטשן. 5. בעסער מיט א קלוגן צו פארליר... איידער מיט א נאר צו געפינ... 6. גיי לאנגזאם, וועסטו גיכער קומ... 7. אז מען עפנט ניט דאס מויל, פלי... קיין פליגן ניט ארייו. 8. דער פוילער וועט פלייסיק ווען אנדערע גיי... שלאפ... 9. אז די רייפן צעשפרינג... צעפאלט די פאס. 10. אז מע קען ניט ביס... זאל מען די ציין ניט ווייז... 11. שפיי ניט אין ברונעם וואס דו דארפסט טרינק... פון אים. 12. אין באד זיך צו שעמ... איז ניטא פאר וועמען. 13. בין איך א האן, מוז איך קריי...; בין איך א הון, מוז איך קוואק... 14. אז צוויי זאג... שיכור דארף זיך דער דריטער ליג... שלאפ... 15. אויף אן איינגעבויגענעם בוים שפרינג... אלע ציגן.

<u>געניטונג 6.</u>

מע קען ארגאניזירן אזא מין שפיל: מע טיילט איין דעם קלאס אין צוויי גרופעס, א <u>נון־גרופע</u> און אן <u>עין־נזן־גרופע</u>. די קינדער פון דער נון־גרופע מעגן דערמאנען נאר אזעלכע ווערבן וואס ענדיקן זיך אויף א נון (אין דער ערשטער און דריטער פערזאן מערצאל פון דער איציקער צייט), די קינדער פון דער <u>עין־נון־גרופע</u> מעגן דערמאנען נאר ווערבן וואס ענדיקן זיך אויף עין־נון. דער לערער אדער דער אנפירער מיטן שפיל ווענדט זיך דא צו א שילער פון איין גרופע, דא צו א שילער פון דער צווייטער גרופע מיט דער פראגע. „וואס טוט איר?” יעדער געפרעגטער מוז

גלײַך, ניט לאַנג טראַכטנדיק ענטפֿערן. קען דער שילער גלײַך ניט ענטפֿערן אָדער ער גיט אָן ניט קײן פּאַסיקן װערב, באַקומט זײַן גרופּע א מינוס. די גרופּע װאָס האָט װײניקער מינוסן איז די זיגערין.

מע קען די שפּיל קאָמפּליצירטער מאַכן דורך דעם װאָס פֿאַר װיציקע אָדער טשיקאַװע ענטפֿערס קריגט די גרופּע ספּעציעלע אײנסן אין חשבון פֿון שפּיל. אַלץ זאָל צוגײן אָביעקטיװ, איז גוט אויסצוקלײַבן א צװײ־דרײַ ריכטערס װאָס זאָלן אַכטונג געבן אויפֿן פֿאַרלויף פֿון שפּיל.

דער הויפּט־תּנאַי איז אַז מע מוז שפּילן זײער גיך און די שפּיל מוז זײַן גאַר לעבעדיק.

## גענ̇יטונג 7.

צי קומט דאָ ען אָדער ן?

פֿון שלום־עליכמס „מאָטל פּײסי דעם חזנס"

מאָטל דערצײלט װי זײ האָבן אָן די רײַזע קײן אַמעריקע:

1. שוין געקומ... לײזער מיט די „אָדלערס". דרײַ ברענעדיקע פֿערדן זײַ קאָנ... ניט אײנשטײ... אויף אָן אָרט. אָדער זײ טופּ... מיט די פֿיס, אָדער זײ פּאָרשק... מיט די נאָזלעכער און באַשפּריצ... מיר דעם פּנים. איך װײס ניט װאָס איך זאָל טאָ... פֿריער: צי איך זאָל קוק... אויף די פֿערד, צי איך זאָל העלפֿ... טראָג... די פּעקלעך מיט די קישנס אין װאָגן אַרײַן. איך קאָן באַשטײ... בײדע זאַכן: איך שטײ בײַ די פֿערד און זע װי מע טראָגט די פּעקלעך מיט די קישנס.

2. שוין צײט אויפֿצוזעצ... זיך און פֿאָר... דער עולם הײבט אָן זאָג..., מע זאָל זיך געזעגנ... אַלע הײבן אָן זיך גרײט... צום געזעגנ... מע טוט זיך א כאַפּ - נישטאָ די מאַמען װאו איז די מאַמע? לײזער טרײַבט האַלדז און נאָכן. ער זאָגט אַז מיר קאָנ... באַרשפּעטיק... די באַן. שאַט, אָט גײט די מאַמע. דער פּנים איז איר רויט, די אויגן פֿאַרשװאָלן. מײַן ברודער אליהו פֿאַלט צו צו איר: „װאָס איז מיט דיר? װאו ביסטו געװען?"

-„אויפן הייליקן אָרט, זיך געזעגענ... מיטן טאטן." מיין ברודער אליהו דרייט זיך אָפּ אָן א זייט. אלע בלייב... שטיי... אָנלשון.

3. -„זייט געזונטן זייט געזונטן" אזוי שריי... אלע פונעם וואגן ארויס, און איך וואלט געמעגט שווער... אז מיר פאָר... שוין. די רעדער קאטש... זיך. מיר שאָקל... זיך און העצק... זיך. איך פאל שיר ניט אראָפּ פאר פרייד. עס גלוסט זיך מיר זינג... מיר פאָר..., מיר פאָר... קיין אמעריקען

געניטונג 8.

פון דעם בארימטן וויגלידל:

אונטער יאנקעלעס וויגעלע
שטייט א קלאָר ווייס ציגעלע,
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האנדלען,
קויפן ראָזינקעס מיט מאנדלען.

פון י.ל.פרצעס א קינדערלידל:

גאָרנישט קלערן, גאָרנישט פרעגן,
קינדער וואקסן אויפן רעגן
ווי די בלומען, ווי די זאנגען.

- -
-

| | | ווערבן | מערצאָל פון סובסטאנטיוון |
|---|---|---|---|
| 1 | נאָך א וואָקאל | שנייען, בויען | די שנייען, די פרויען |
| 2 | נאָך א מ: | קומען, נעמען | די בלומען, די נעמען |
| 3 | נאָך א נ: | שפינען, קענען | די שפינען, די באנען |
| 4 | נאָך נג | קלינגען, זינגען | די קלאנגען, רינגען |
| 5 | נאָך נק | דאנקען, ווינקען | די פונקען, די דאנקען |
| 6 | נאָך א ל וואָס | האנדלען, פינקלען | די מאנדלען, די הימלען |
| | פאר אים קומט | | |
| | א קאָנסאָנאנט | | |

מיר זעען פון דער טאבעלע:

די זעלביקע כללים וועגן -ען אין די ווערבן גילטן אויך פאר מערצאָלן פון סובסטאנטיוון אויך -ען.

- -
-

געפינט נאָך ביישפילן פון סובסטאנטיוון וואָס האָבן אין מערצאָל ען

גענישונג 9.

דאָ האָבן אי די סובסטאַנטיװן אי די װערבן די ענדונג -ען, גאַנץ װאױל. אָבער מען האָט דאָ זײ צונױפגעפּלאָנטערט, מאַכט דאָ א טאָלקן

| | |
|---|---|
| בינען בלויען, | בלומען װײען |
| שפּינען בליען, | שלאַנגען גליען |
| פרויען זשומען, | פונקען שלענגלען זיך |
| פאָנען נײען, | באַנען שפּינען |
| הימלען שאָקלען זיך | זאַנגען פליען |

גענישונג 10.

קוקט זיך צו צו די אינפיניטיװן, צו דער קומעדיקער צײט:

פון ש.פרוגס א ליד:

דער װינטער איז לאַנג. נאָר דער שנײ װעט צעגײן,
דער גאָלדענער פרילינג װעט קומען.
דער הימל װעט װערן אי ליכטיק אי רײן,
די גערטנער - באַשאָטן מיט בלומען.
די ערד אין איר אלטן, געװױנטן גליק
װעט װידער אי שײנען אי בליען,
און פרײלעך אהער װעלן קומען צוריק
די פײגעלעך װידער צו פליען.

גענישונג 11.

משיחס צײטן
פון י.ל.פרץ

אנשטאָט דעם װערב אין אינפיניטיװ אװעקשטעלן די פּאַסיקע צײט: די איצטיקע אָדער די קומעדיקע.

-דו (גלײבן) אין משיחס צײטן? (פרעגן) איך אים.

-געװיס! (ענטפערן) ער שטיל און זיכער, משיח מוז קומען.

-ער מוז?

-גאַנץ זיכער.

-צי איז אמת אז פריער (זײן) שרעקלעכע מלחמות איבער פאַלשע משיחים? די מענטשן (זיך ארומרײסן) װי די װילדע חיות, די ערד (װערן) אָנגעזאַפּט מיט בלוט, טײכן בלוט (פליסן), אלע חיות (טרינקען) מענטשנבלוט? אלע פעלדער און אלע װעגן (װערן) פאַרגאָסן מיט מענטשנבלוט?... און אין מיטן פון בלוטיקן מבול (זיך באַװײזן) דער אמתער משיח? איז דאָס אמת?

-אמת!

-און מען (דערקענען) אים? ((זעט אויסצושטעלן די װערטער אין א ריכטיקן סדר)).
-יעדערער (דערקענען)אים. עס (האָבן) קײנער ניט קײן טעות. ((זעט אויסצושטעלן די װערטער אין ריכטיקן סדר)).. ער (רײטן) אויף קײן פערד, און א שװערד נישט (הענגען) אויף די לענדן.

-וואָס דען?

-פליגל (הגבֿן) ער. משיח (האָבן) פליגל, און אלע (באַקומען) דערנאָך פליגל. עס (זײַן) אזוי. פלוצלונג (ווערן) געבאָרן א קינד מיט פליגל, דערנאָך א צווייטס, א דריטס און אזוי (גײַן) שוין כסדר. פריער (זיך דערשרעקן) די מענטשן, דערנאָך (זיך צוגעוווינען), ביז עס (אַרויסקומען) א גאַנצער דור מיט פליגל, א דור וואָס (וועלן) נישט מער זיך וואַלגערן אין דער בלאָטע און נישט (זיך רײַסן) מער איבער א פרנסה-ווערעמל...

## ייִדיש איז אנדערש ווי ענגליש

געניטונג 12.

א) אין דער פאַריקער ארבעט האָט זיך געדאַרפט באַקומען: „און מע וועט אים דערקענען?" - אים קומט אַרײַן צווישן דעם הילפסווערב און דעם אינפיניטיוו (פון דער קומעדיקער צײַט)

דאָס זעלביקע איז אויך: און מע וועט (דיך, זי, עס, מיך, אײַך, זײ, אונדז) דערקענען.

ווי איז עס אויף ענגליש?

ב) גיב מיר דאָס בוך.

-איך וועל דיר עס געבן; איך וועל עס דיר געבן; איך וועל עס געבן דיר.

אזוי קען קלינגען דער ענטפער, אבער נישט אזוי ווי עס איז אויף ענגליש. ווי איז עס אויף ענגליש?

ג) -ווען וועט איר גײן? - מיר וועלן איצט גײן.

-אָבער זײַט איר דען פאַרטיק? -מיר וועלן באַלד זײַן פאַרטיק.
אָדער
-מיר וועלן באַלד פאַרטיק זײַן.

צווישן הילפסווערב און דעם אינפיניטיוו וואָס שטעלן צונויף די קומעדיקע צײַט מוז מען אַרײַנשטעלן די פּערזענלעכע פראָנאָמען וואָס קומען אין א פּרעפּאָזיציע, און אויך א מאָל צײַט - און אָרט-באַשטימונגען.

פראָנאָם - pronoum, פּערזענלעכע פראָנאָמען: איך, דו, ער, זי, עס, מיר, איר, זײ.
באַשטימונג - modifier. צײַט-באַשטימונג באַשטימט די צײַט: איך וועל באַלד קומען.
אָרט-באַשטימונג באַשטימט דעם אָרט: איך וועל דאָ זײַן.
פּרעפּאָזיציע - preposition-

- -
-

קלערט צו זאָצן וואו צווישן הילפסווערב און דעם אינפיניטיוו (אין דער קומעדיקער צײַט) זאָלן זײַן: א) פערזענלעכע פּראָנאָמען, ב) אָרט-באַשטימונגען, ג) צײַט-באַשטימונגען.

גענייטונג 13.

א) לייענט דורך נאָך אַ מאָל שלום-עליכמס וויגליד און באַטראַכט די פאַלן וואו צווישן הילפסווערב און אינפיניטיוו (פון דער קומעדיקער צײַט) זײַנען אַרײַנגעשטעלט ווערטער;

ב) פּרוּווט איבערשטעלן דעם סדר פון די ווערטער, אָבער עס מוז בלײַבן אַ פולקום קאָרעקטער ייִדישער זאַץ:

1. איך וועל באַלד קומען צו דיר.
2. מיר וועלן מאָרגן פאָרן אין שטאָט אַרײַן.
3. איך וועל באַלד פאַרטיק זײַן מיט דער אַרבעט.
4. מיר וועלן דיך אויך מיטנעמען אין דאָרף.
5. איך וועל עס מאָרגן קריגן פאַר דיר.
6. איר וועט מיר אַוודאי אָפּגעבן דעם חוב.
7. דו וועסט דאָ זײַן אין אָוונט?

גענייטונג 14.

זעצט איבער אויף ייִדיש (האָט אין זינען דעם סדר פון די ווערטער):

a)
1. We shall help you. 2. Nobody will stop me. 3. He will take me with him. 4. We shall invite him for dinner (דאַ איז for צו) 5. We shall support you. 6. These boys will help me. 7. I shall not forget that. 8. You will find it. 9. I shall help you if I can. 10. Shall I wait for you? (דאַ איז אויף-for). 11. You will have the right (דאָס רעכט) to vote (שטימען) 12. I will buy it!

b) 1. We shall be ready soon. 2. We shall go now. 3. I shall see him tomorrow. 4. You will find it in the dresser (קאַמאָד) 5. They will soon be here. 6. You will meet me at eight o'clock (at מע דאַרף נים איבערזעצן)7. I shall get tickets tomorrow. 8. They will pay you tomorrow. 9. The doctor will be here shortly. 10. Nothing will prevent (אָפּהאַלטן) me from finishing this tonight. 11. He will deliver (צושטעלן) the books today. 12. Whether you like it or not (צי דאָס...), I will buy it!

c) 1. Shall we go now? 2. Shall we ask you to go with us? 3. Shall you be at your office tomorrow? 4. Shall I wait here for you? (איז דאַ-אויף for). 5. Who will be here this afternoon? (נאָך מיטאָג this afternoon). 6. Shall I see you again before you leave? (איידער איר פאָרט אַוועק). 7. Whom (וועמען) shall we invite for dinner? 8. Shall I take it? 9. Will you find it in the dresser? 10. Shall you explain it?

- -

-

אַזוי ווי אויף ענגליש

It will likely be cold.

עס וועט מסתמא זײַן קאַלט.

# איך וועל - איך וויל

## געניטונג 15.

לאָמיר אונטערהערן אזא געשפּרעך:

-איך וועל באלד פאָרן אין שטאָט. ווילסטו מיטפאָרן?

-אוודאי וויל איך. אָבער איך וועל ניט פאָרן אָן דעם פאָטערס דער־לויבעניש.

-אויב דו ווילסט טאקע מיטפאָרן, דארפסטו גלייך זיין פארטיק, אניט וועלן מיר פארזאמען.

-אויב נאָר דער פאָטער וועט מיר דערלויבן צו פאָרן מיט דיר, וועל איך גלייך קענען פאָרן.

קלערט צו נאָך אזעלכע געשפּרעכן, וואו עס זאָלן זיין די ביידע ווערבן - וועל און וויל.

און אָט זיינען די ווערבן און זייערע פאָרמען פון איצטיקער צייט.

| 1. | 2. | 1. | 2. |
|---|---|---|---|
| איך וועל | איך וויל | מיר וועלן | מיר ווילן |
| דו וועסט | דו ווילסט | איר וועט | איר ווילט |
| ער וועט | ער וויל | זיי וועלן | זיי ווילן |

לאָמיר געדענקען.

1. איך וועל אאז"וו איז א הילפסווערב וואָס קומט נאָר צו שאפן די קומעדיקע צייט.

2. איך וויל איז א פולווערטיקער ווערב, וואָס האָט געוויסע באזונדערקייטן אין דער ביינונג:
א) דריטע פערזאָן איינצאָל פון דער איצטיקער צייט - ער וויל;
ב) דער אינפיניטיוו איז - ווען
ג) דער פארטיציפּ איז - געוואָלט, אָדער געוועלט

## געניטונג 16.

מיר קוקן זיך צו צו די ביידע ווערבן: איך וועל - איך וויל.

1. א פּאָר שפּריכווערטער:

וואָס מען האָט וויל מען ניט, וואָס מע וויל האָט מען ניט.
אז מע קען ניט ווי מען וויל, זאָל מען וועלן ווי מע קען.
אז מע וויל א זעץ טאָן דעם הונט, וועט מען שוין געפינען דעם שטעקן.

2. מאָטל דעם חזנס דערציילט וועגן סטרייק:

„די אַרבעטער זיינען שטאַל און אייזן. די באַלעבאַטים האַלטן זיך אויך שטאַרק. זיי ווילן ניט נאָכגעבן. זיי וועלן אָבער מוזן נאָכגעבן. אַזוי זאָגן אַלע. ניטאָ אַזאַ זאַך וואָס די אַרבעטער זאָלן ניט אויספירן."

3. ס'איז אַ סטרייק ביי אַנקל מאָזעס אין שאָפּ און ער סטראַשעט זיינע לאַנדסלייט וואָס אַרבעטן ביי אים:

„איך וועל צושליסן מיין שאָפּ און זוכן אייך ערגעץ אַנדערש־וואו אַרבעט. אַז איר וועט באַדאַרפן אַ פּאָר דאָלער, וועל איך אייך געבן. נאָר מער צו טאָן מיט אייך וויל איך ניט."

4. פון י.ל.פּרצעס „ביים פּאַקיר":

־איך האָב צו דיר אַ בקשה, זאָגט דער גאַסט.
־זאָג וואָס דיין פאַרלאַנג איז, ענטפערט דער פּאַקיר.
־וועסטו מיר טאָן וואָס איך וויל?
־אויב איך וועל וועלן, ענטפערט דער פּאַקיר און גיט צו, און אויב איך וועל קענען.

5. דער סוף פון י.ל.פּרצעס „באָנציע שווייג":

...„נו, אויב אַזוי, שמייכלט באָנציע, וויל איך טאַקע אַלע טאָג אין דער פרי אַ הייסע בולקע מיט פרישער פּוטער."

## געניטונג 17.

א) קלערט צו זאָגן, וואָס זאָלן זיין געבויט אַזוי:

איך וויל ווערן..............., נאָר מסתמא וועל איך גאָר ווערן......

ב) וואו פּאַסט זיך אַ לאָזונג: „מיר ווילן און מיר וועלן!"? קלערט צו פאַרשיידענע פאַלן, ווען אַזאַ אויסרוף אָדער אַזאַ לאָזונג גיט איבער די לאַגע.

ג) איז מען גערעכט, ווען מע זאָגט: „אויב דו ווילסט שטאַרק וועלן, וועסטו עס דערגרייכן."?

## געניטונג 18.

מערקט זיך אַז דער אונטערשייד צווישן איך וועל ־ איך וויל האָט קיין זאַך ניט צו טאָן מיטן אונטערשייד צווישן I will - I shall. אי I shall, אי I will איז אויף ייִדיש איך וועל.

וויל מען פאַרשפּרעכן אויף זיכער, וויל מען צוזאָגן, וויל מען אויסדריקן באַשטימטקייט מיט דעם וואָס וועט פאָרקומען ־ דאַרף מען אַקצענטירן דעם הילפסווערב ־ איך וועל.

איך וועל דאָרטן זיין ־ I shall be there.

No matter what happens I will be there. — וואָס עס זאָל זיך ניט טרעפֿן וועל איך דאָרטן זײַן.

I want — איך וויל איז אויף ענגליש

א) זעצט איבער אויף ייִדיש (נאָך וויל קומט ניט קיין צו):

1. I want to go home. 2. I didn't want to. 3. I don't want the book. 4. He wants to go tomorrow. 5. Do you want to meet us at the teatre? 6. They want to continue their studying.

ב) זעצט איבער אויף ייִדיש, זעצט עס איבער מינדלעך און אקצענטירט וואו מע דאַרף דעם הילפֿסווערב:

1. I shall no t see him again until Saturday.
2. I swear that I will always be truthful.
3. I will never do that again, not for all the money in the world.
4. We shall expect you at ten o'clock.
5. They shall pay for this; I will sue them (sue - אָנקלאָגן)
6. You shall go!
7. We will not give up hope.
8. I have promised that I will return immediately.(immediately - גלײַך, תיכף)
9. I don't like him and I shall not invite him.
10. We shall have twenty guests for dinner(צו for דאָ איז)
מיר דערמאָנען זיך פון וואָס מיר האָבן דאָ אָנגעהויבן

געניטונג 19.

צי קומט דאָ אַן „ע"?
און וואו איז דאָ די קומעדיקע צײַט?

פֿרילינג
פֿון יהואש

זיץ איך און איך צייל די טעג,
ביז דער ווינטער וועט אוועק....
פֿרילינג וואַרט שוין בײַ דער שוועל,
באַלד וועט קומ..ען א באפֿעל,
וועט ער געב..ן זיך א ווײַז,
וועט צעווײנ..ן זיך דער אײַז.
וועט ער עפֿענ..ן א שלאָס
און ארויסלאָז..ן די גראָז
וועט ער געב..ן זיך א וואָרף
אויפֿן פֿעלד און אויפֿן דאָרף.
וועט אנטקעגנקום..ן גלײַך
יעדער שטראָם און יעדער טײַך...
וועלן בײמער טאָן א פּלאַץ
מיט א וואונדערלעכן שאַץ -
גרינע קעפּלעך פֿון סמאַראַגד
אויף די צווײַג,.. אָנגעפּאַקט.

שאַץ - אוצר, פֿאַרמעגן; סמאַראַגד emerald

געניטונג 20.

קענט איר עס זינגען?

-הער נאר, דו שיין מיידעלע,
הער נאר, דו פיין מיידעלע,
וואס וועסטו טאן אין אזא ווייטן וועג (2 מאל)
-איך וועל גיין אין אלע גאסן,
איך וועל שרייען: "וועש צו וואשן!"
אבי מיט דיר צוזאמען זיין! (2 מאל)

-הער נאר....... און אזוי ווייטער
וואס וועסטו עסן אין אזא ווייטן וועג? (2 מאל)
-ברויט מיט זאלץ וועל איך עסן,
טאטע-מאמע וועל איך פארגעסן,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין! (2 מאל)

-הער נאר אאז"וו.
אויף וואס וועסטו שלאפן אין אזא ווייטן וועג?(2 מאל)
-איך בין נאך א יונגע פרוי,
איך קען שלאפן אויף א בינטל שטרוי,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין (2 מאל)

-הער נאר אאז"וו.
מיט וואס וועסטו זיך צודעקן אין אזא ווייטן וועג ? (2 מאל)
-דער טוי פון הימל וועט מיך צודעקן,
די פייגעלעך וועלן מיך אויפוועקן,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין! (2 מאל)

געניטונג 21.

דערציילט עס גוט איבער:

א ייד געפינט אן עצה!

אמאל-אמאל איז געווען זייער א בייזער מלך אין א שטאט. האט ער באפוילן, אז יעדער ייד וואס קומט אריין אין שטאט מוז עפעס זאגן. וועט ער זאגן א ליגן- וועט מען אים הענגען; וועט ער זאגן אן אמת - וועט מען אים שיסן.

קומט צו גיין אין אט דער שטאט א ייד, וואס ווייס וועגן דער געפאר און זאגט עפעס און דרייט זיך דאך ארויס פון טויט. וואס האט ער געזאגט?

- - - -

ער האט געזאגט: "היינט וועט מען מיך הענגען" - האט מען אים גארניט געקאנט טאן. זאל מען אים הענגען - האט ער דאך געזאגט אן אמת: פארן אמת קומט שיסן. זאל מען אים שיסן, האט דער ייד געזאגט א ליגן: פארן ליגן קומט דאך הענגען.

## אונדזער גוף

מיר הייבן אָן לערנען די נעמען פאר פארשיידענע טיילן פון אונדזער גוף, נעמען פאר די גלידער און פאר די אָרגאנען פון מענטשלעכן קערפּער. דאָ זיינען פאראן א סך ווערטער וואָס איר ווייסט זיי ניט אָדער איר פאַרגעסט... אָדער איר פלאָנטערט זיי. מוז מען זיך א ביסל אָנשטרענגען. כּוף קאפּיטל האָט איר צו אייער הילף צוויי קליינע ווערטערביכלעך פון טיילן פון מענטשלעכן קערפּער: א יידיש-ענגליש און אַן ענגליש-יידיש ווערטערביכל. ווייסט איר עפּעס ניט אָדער איר זייט אין ספק - קוקט אריין/הין. אָבער צי געדענקט איר גוט דעם סדר פון אלף-בית?!

### געניטונג 1.

לייענט דורך די ווייטערדיקע נעמען פון די פארשיידענע טיילן פון אונדזער גוף. אויב איר ווייסט ניט א באַדייט פון א וואָרט, קוקט נאָך אין דעם יידיש-ענגלישן ווערטערביכל און שרייבט צו מיט א בלייער לעבן דעם יידישן וואָרט די ענגלישע איבערזעצונג:

1)................

דער גוף
דער קאָפּ
דער האלדז
די ברוסט
דער בויך
דער רוקן
די האנט
דער פוס

2)................

דער שטערן
דאָס אויג
דאָס אויער
די נאָז
די באַק
דאָס מויל
די ליפּ
דער קין

3)................

די ביינער
דאָס פלייש
די מוסקלען
די נערוון
די הויט
די האָר
די אינעווייניקסטע אָרגאַנען

דאָס בלוט

4)..............

דער סקעלעט
דער שאַרבן
דער רוקנביין
דער קינביין
דער עלנבויגן
דער קני

5)..............

די לונגען
דאָס האַרץ
דער מאָגן
די לעבער
די נירן
די געדערים

6)..............

די פּלייצע
דער אָרעם
די פּויסט
די האַנטפלאַך
דער פינגער
דער נאָגל

7)............

די צונג
די ציינער
דער גומען

8)............

דער קני
די פּיאַטע
די זויל

9)............

די ברעם
די וויעס
דאָס אויגן-לעפּל
דער שוואַרצאַפּל

### געניטונג 2.

אין דער פריערדיקער געניטונג האָבן געפעלט נעמען פאר די קעפּלעך פון די פארשיידענע גרופּעס גלידער און אָרגאַנען. קלייבט אויס פון

דעם ווײטערדיקן די פּאַסיקע קעפּלעך און שרײַבט אַרײַן אויף די
ריכטיקע ערטער:

אין מויל, בײנער, דער פּנים, דאָס אויג, דער פוס, הויפּטטײלן
פון קערפּער, אינעווײניקסטע אָרגאַנען, די באַשטאַנדטײלן פון גוף,
די גאַנצע האַנט.

<u>געניטונג 3.</u>

איר געפינט דאָ ווײטער א רײ טײלן פון מענטשלעכן קערפּער, אויס־
געשטעלט נאָכן אלף־בית. סאָרטירט זײ אין צװײ גרופּעס: 1) דרויסנ־
דיקע גלידער, 2) אינעווײניקסטע אָרגאַנען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| דאָס אויגן־לעפּל | די ברוסט | דאָס האַרץ | דער מאָגן |
| דער אָרעם | די געדערים | די לונגען | דער מאַרך |
| די באַק | די נירן | די לעבער | די פּיאַטע |
| דער פינגער | דער קין | | |

<u>געניטונג 4.</u>

אַן אָרגאַן פון אונדזער קערפּער איז א טײל פון קערפּער וואָס טוט
א באַשטימטע זאַך, וואָס האָט א געוויסע פונקציע דורכצופירן. טאָ
טרײַבט אָן די נעמען פון די אָרגאַנען:

מיר אָטעמען מיט די .......................

מיר זעען מיט די .......................

מיר הערן מיט די .......................

מיר דערפילן דעם טעם מיט דער ..............

מיר שפירן קעלט און וואַרעמקײט מיט אונדזער..........

מיר צעקײען שפּײַז מיט די ..................

מיר שמעקן מיט דער...............

מיר <u>פאַרדײען</u> שפּײַז מיט ..............

<u>געניטונג 5.</u>

שטרײַבט אויס דאָס וואָרט וואָס פּאַסט זיך ניט אין דער רײ:

1. מאָגן, לעבער, נירן, פוס, האַרץ.

2. האָר, באָרד, נאָגל, פליך, וואָנצע.

3. צײנער, צונג, גומען, ליפּן, נאָזלעכער.

4. קני, פוס, פיאטע, עלנבויגן, זויל.

5. פינגער, שוואַרצאַפל, נאָגל, האַנט, פויסט.

6. ניר, סקעלעט, שאַרבן, רוקנביין, ריפּן.

7. נערוון, בלוט, פויסט, הויט, מוסקלען.

8. אויג, אויער, נאָז, קין, קני.

9. ברוסט, פליך, בויך, רוקן, קאָפּ.

10. לופט, פיאַטע, אָטעם, נאָזלעכער, לונגען.

11. ברעמען, וויעס, ליפּן, אויגן-לעפלעך, שוואַרצאַפלען.

12. באַק, באָרד, ליפּן, מאָגן, וואָנצעס.

13. ברעמען, בלוט, פולס, האַרץ, לעבער.

14. האַלדז, נאַקן, רוקן, קאָפּ, חן-גריבל.

15. שופן, בּרוסט, ריפּן, האַרץ, לונגען.

<u>געניטונג 6</u>.

צווישן אַרטיקל און סובסטאַנטיוו איז דאָ דורכגעלאָזן אַן אַדיעקטיוו. די דורכגעלאָזענע אַדיעקטיוון ווערן אויסגערעכנט אונטן. נעמט פון זיי און פּאַסט אַריין. געדענקט אַז איר קענט <u>נעמען אַן אַדיעקטיוו בלויז איין מאָל</u> און אַז אַן אַדיעקטיוו <u>מוז שטימען אין מין און אין צאָל</u> מיטן סובסטאַנטיוו.

די...............האַנט　　　　די.................. באָרד

דער..............פוס　　　　דער.................מאָגן

די...............ליפּ　　　　דאָס.................אויג

דער..............קאָפּ　　　　די..................האָר

דאָס..............האַרץ　　　　די..................ציינער

דער..............שטערן　　　　די..................ברעמען

און אָט זיינען די דורכגעלאָזענע אַדיעקטיוון:

לאַנגע, ברוינע, רעכטע, גרויע, שאַרפע, געזונטע, אונטערשטע, געדיכטע, ליידיקער, לינקער, הויכער, בלאָנדער.

### געניטונג 7.

מיר האָבן דאָ א ריי שפּריכווערטער. אין יעדער שפּריכוואָרט איז דורכגעלאָזן א ווערב. די דורכגעלאָזענע ווערבן ווערן אויסגע־רעכנט אונטן. נעמט פון זיי און פּאַסט אריין.

אגב קוקט זיך נאָך דעם צו, ווען עס קומט אן אינפיניטיוו אָן צו.

1. די אויגן ווילן פיל מער ווי פיל די ציין קענען..........

2. שפּיי ניט אין ברונעם פון וואנעט דו דארפסט..............

3. מע מעג עסן אָבער מע טאָר ניט...........

4. ווען דאָס מויל זאָל ניט דארפן.........., וואָלט דער קאָפּ געגאנגען אין גאָלד.

5. אויף א פרעמדער באָרד איז גוט זיך צו לערנען..........

6. מיט איין אויג קען מען מער זען, ווי פיל מע קען.......... מיטביידע הענט.

7. קליינע קיען וואָס גרויסע..............

8. ווער עס קען גוט זינגען קען אפנים גוט...........

9. מיט איין פּאָר פיס זאָל מען ניט וועלן..............אויף צען חתונות.

10. מיט וואָסערע אויגן דו וועסט איינעם............., אזא פּנים וועט ער האָבן.

11. די נשמה קען מען ניט.................

12. עס קומט אויס.........., ווען מען האָט אפילו ניט גוט צעקייט. (דער זינען פון לעצטן שפּריכוואָרט איז אזא: עס קומט אויס צו פארשווייגן אן עוולה, אפילו ווען מע פאר־שטייט ניט, פון וואנעט זי נעמט זיך, פאר וואָס מע באגייט די עוולה)

שלינגען, אראָפּשלינגען, טאנצן, טרינקען, שפּייען, אויסשפּייען, צעקייען, שערן, עסן, פרעסן, נעמען, אָנקוקן.

### געניטונג 8.

מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט פיר ווערטער: <u>אויגן</u>, <u>האָר</u>, <u>באָרד</u>, <u>ברעמען</u> און מיט די איינגעשאפטן וואָס זיי קענען האָבן. מיר האָבן דאָ א ריי אדיעקטיוון און צו יעדער אדיעקטיוו דארף מען צושטעלן ווי פיל ווערטער עס לאָזט זיך פון אונדזערע פיר. למשל, אויב מיר האָבן אן אדיעקטיוו „שווארצע", קען מען צושטעלן – אויגן, האָר, באָרד, ברעמען; אויב אָבער מיר זאָלן האָבן אן אדיעקטיוו „גרינע", קען מען צושטעלן בלויז

איין וואָרט „אויגן,“ ווייל עס קען ניט זיין קיין גרינגע באָרד, קיין גרינגע ברעמען און קיין גרינגע האָר.

איידער מיר הייבן אָן די ארבעט, לאָמיר זיך פארצייכנען, אז דאָס האָר קען זיין ווען מע רעדט בפירוש וועגן איין איינציק האָר, געוויינלעך אָבער באַנוצט מען די מערצאָל – די האָר: שווארצע האָר, גרויע האָר.

| | |
|---|---|
| ברוינע.................. | גרויסע.................. |
| גרויע.................. | קליינע.................. |
| גרינלעכע.................. | שמאָלע.................. |
| העל-בויע.................. | אויסגעוואשענע.................. |
| לאנגע.................. | פארקעמטע.................. |
| קורצע.................. | געשאָרענע.................. |
| גלאטע.................. | שפיציקע.................. |
| קרייזלדיקע.................. | געפארבענע.................. |
| רויטע.................. | געדיכטע.................. |
| בלאָנדע.................. | ערלעכע.................. |

געניטונג 9.

פארשטייט איר גענוי די אידיאָמען?

לייענט פאמעלעך אידיאָם נאָך אידיאָם, באטראכט זיך און פרואווט דערקלערן דעם זינען פון יעדער אויסדרוק. אויב איר פארשטייט ניט, אָדער אויב איר זייט ניט זיכער – פרעגט. אז מע שעמט זיך צו פרעגן קען מען זיך ניט צולערנען.

1. ער גייט ארום אָן א קאָפּ;
2. ער איז ארייַנגעטאָן אין דער ארבעט מיטן גאנצן קאָפּ;
3. ער האָט א קאָפּ אויף די פּלייצעס;
4. מע דארף קוקן מיט זיבן אויגן;
5. עס פארשיינט אזש די אויגן;
6. וואָס קנייטשסטו דעם שטערן?
7. ער איז א בעל-חוב איבער די אויערן;
8. דער עולה האָט אויפגעשטעלט מויל און אויערן;
9. די מעשה האָט שוין א באָרד;
10. ער רייסט זיך די האָר פון קאָפּ;
11. די הויט ברענט אויף אים;
12. ער קען די הויט אראָפּשינדן.

## געניטונג 10.

### וואָס צו וואָס עס פּאַסט זיך?

איר האָט דאָ צוויי רייען. שטעלט צו ביי יעדער וואָרט פון דער צווייטער ריי די ציפער פון דעם פּאַסיקן וואָרט. למשל ביים וואָרט „שוואַרצאַפּל" שטעלט אַוועק 1 ווייל „שוואַרצאַפּל" פּאַסט זיך מיט „אויג" (און ביים וואָרט „אויג" שטייט אַן 1); ביים וואָרט „שליפּן" שטעלט אַ 2, ווייל „שליפּן" פּאַסט זיך מיט „שטערן" (און ביים וואָרט „שטערן" שטייט אַ 2). נו, מאַכט ווייטער אַליין!

| | | |
|---|---|---|
| 1. אויג | ( ) | פּיאַטע |
| 2. שטערן | ( ) | אויגן-לעפּלעך |
| 3. שפּייז | ( ) | זומער-שפּרענקלעך |
| 4. האַלדז | ( ) | שאַרבן |
| 5. מאַרך | ( ) | נאַקן |
| 6. וויעס | ( ) | שוואַרצאַפּל |
| 7. שופּן | ( ) | פֿאַרדאַרבן דעם מאָגן |
| 8. זון | ( ) | קראַפּען |
| 9. זויל | ( ) | חן-גריבל |
| 10. שלאָפֿן | ( ) | פֿאַרדייאונג |
| 11. אַפּפּיר-מיטל | ( ) | הויט פון קאָפּ |
| 12. חנעוודיק | ( ) | שליפּן |

## געניטונג 11.

ווידער אַן אויפֿגאַבע מיט צוויי רייען און אויף צוצופּאַסן מיט דער זעלביקער טעכניק ווי אין דער פֿאַריקער אויפֿגאַבע. אָבער די רייען זיינען דאָ אַנדערע און די צופּאַסונג איז ניט אַזאַ פּרייע. אין ריי איז דאָ פון אידיאָמאַטישע אויסדרוקן און די צווייטע ריי - פון דערקלערונגען וואָס די דאָזיקע אויסדרוקן באַדייטן. מע דאַרף צופּאַסן דעם אויסדרוק צו זיין באַדייט. למשל ביי דער דערקלערונג „ער איז זייער שטאַרק פֿאַרנומען, ער האַלט אין איין אַרבעטן", שטעלט אַוועק אַן 1, ווייל דאָס איז די דערקלערונג פון אויסדרוק „די הויט ברענט אויף אים" (וואָס ביי דעם אויסדרוק שטייט אַן איינס).

| | | |
|---|---|---|
| 1. די הויט ברענט אויף אים | ( ) | זייער אויפֿמערקזאַם קוקן. |
| 2. ער רייסט זיך די האָר פון קאָפּ | ( ) | עס רופֿט אַרויס רחמנות. |

| | | |
|---|---|---|
| 3. אויפשטעלן מויל און אויערן. | ( ) | זיין ברוגז |
| 4. קוקן מיט זיבן אויגן. | ( ) | ריידן קלאָר, האַרט, שטרענג. |
| 5. ער האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. | ( ) | ער האָט זייער שטאַרק חרטה, ער פילט זיך זייער שלעכט. |
| 6. אַרונטערלאָזן די נאָז. | ( ) | ער איז זייער שטאַרק פאַרנומען, ער האַלט אין איין אַרבעטן. |
| 7. פאַרריסן די נאָז. | ( ) | זיך זייער גוט צוהערן. |
| 8. עס נעמט ביים האַרצן. | ( ) | ער איז זייער חוצפּהדיק, ער איז אומפאַרשעמט. |
| 9. ער האָט פאַרשטאָכענע אויגן. | ( ) | ער איז קלוג, באַטראַכט, פעאיק. |
| 10. ריידן מיט באַקציינער. | ( ) | זיין שטאָלץ. |

געניטונג 12.

אין אַ דריטע אויפגאַבע מיט צוויי רייען און אויף צוזופּאַסן. אָבער דאָ איז יעדער אידיאָמאַטישער אויסדרוק צעטיילט אין צוויי העלפטן און די אַרבעט באַשטייט אין צונויפבינדן אין איינעם די באַזונדערע העלפטן. די טעכניק איז די זעלביקע וואָס פריער. למשל ביי „קאָפּ אַן וואַנט" שטעלט אַוועק אַן ב, ווייל דאָס איז די צווייטע העלפט פון גאַנצן אויסדרוק „זיך שלאָגן קאָפּ אַן וואַנט" (און ביי זיך שלאָגן שטייט אַן איינס)

| | | |
|---|---|---|
| 1. זיך שלאָגן | ( ) | דעם פּנים |
| 2. ברעכן | ( ) | מיט זיבן אויגן |
| 3. זיך שוואַרצן | ( ) | די נאָז |
| 4. זיך רייסן | ( ) | מויל און אויערן |
| 5. קוקן | ( ) | די האָר פון קאָפּ |
| 6. אויפשטעלן | ( ) | קאָפּ אַן וואַנט |
| 7. קנייטשן | ( ) | מיט די אויגן |
| 8. פאַרקרימען | ( ) | מיט די באַקציינער |
| 9. ריידן | ( ) | דורך די ציין |
| 10. פאַרשטאָפּן | ( ) | האַלדז און נאַקן |
| 11. דורכזייען | ( ) | מיטן שטערן |
| 12. פינטלען | ( ) | די אויערן |

גענידונג 13.

## זעט ווי מאָדנע

באַטראַכט נאָר ווי מאָדנע עס קענען זײַן פֿאַרשײדענע אידיאָמאַטישע אויסדרוקן. דוכט זיך, גאָר ענלעך און דער באַדײַט אין גאַנצן אַן אַנדערער! טאָ לאָמיר עס דורכאַרבעטן אין קלאַס!

1. אויג אויף אויג הײסט זאַלבעצווײט, קײנער איז מער ניטאָ

קאָפּ אויף קאָפּ הײסט.........................

2. מאַכן גרויסע אויגן הײסט וואונדערן זיך,

האָבן גרויסע אויגן הײסט.........................

3. אויסקוקן די אויגן הײסט אומגעדולדיק וואַרטן,

קוקן מיט בײדע אויגן הײסט זײַן.........................

4. אַראָפּלאָזן די אויגן הײסט זיך פֿאַרשעמען,

אַראָפּלאָזן די נאָז הײסט.........................

5. אַן אײַזערנער קאָפּ אָדער אַן אײַזערנער מוח הײסט זײער אַ פֿעאיקער מענטש,

אַ קופּערנער שטערן הײסט.........................

6. דאָס האַרץ צעגײט הײסט מען איז זײער שטאַרק גערירט פֿון פֿרײד, פֿון צער און אַנדערע, געפֿילן.

עס צעגײט אין מויל הײסט.........................

דאָ האָט איר די דערקלערונגען וואָס האָבן אויסגעפֿעלט:

פּאָרזיכטיק; עס איז זײער געשמאַק; עס איז זײער ענג; וועלן וואָס מער; אַן אומפֿאַרשעמטער מענטש; ווערן ברוגז.

גענידונג 14.

אַ לערער האָט אין אַ קלאַס זיך פֿאַרנומען מיטן לערנען דעם באַדײַט פֿון פֿאַרשײדענע אידיאָמאַטישע אויסדרוקן. ס'איז געווען אַ גוטער קלאַס און מען האָט ריכטיק דערקלערט דעם באַדײַט פֿון די פֿינף אויסדרוקן:

1. ער איז הויט און בײנער; 2. ער האָט אַ גרויס מויל;
3. ס'הענגט אויף אַ האָר; 4. ניט אָפּטרעטן אויף אַ האָר;
5. אויפֿשטעלן מויל און אויערן.

(מסתמא וועט איר אויך ריכטיק דערקלערן דעם באַדײַט פֿון די פֿינף אויסדרוקן) אָבער ווי נאָר עס איז געקומען צו די ווײַטערדיקע

פינף, האט קיינער ניט געקענט געבן קיין ריכטיקן ענטפער. אט זיינען די דאזיקע פינף מאדנע אויסדרוקן:

1. פון העלער הויט (הויט איז הויט, העלער - נו, דאס איז פון ווארט העל, ליכטיק. (אבער וואס קען באדייטן „פון העלער הויט"?)

2. שטעלן אויף די פיס (מע שטייט דאך שטענדיק אויף די פיס! אויף וואס דען? אויפן קאפ? איז וואס זשע דערציילט עמעצער, ווען ער זאגט: „איך האב מיין פריינד געשטעלט אויף די פיס"?)

3. פ'ציטערט אויף אים די הויט (הענט קענען ציטערן, עס קלאפט א מאל א צאן אן א צאן פון קעלט. אבער ציטערט דען די הויט? די הויט ציטערט טאקע ניט, אבער מע זאגט אזוי, ווען זשע?)

4. לייגן די ציין אויף דער פאליצע (מיינט מען דא קינסטלעכע ציין וואס מע קען ארויסנעמען פון מויל און דאס געשטעל מיט די ציין אוועקלייגן וואו מע וויל, זאל זיין אפילו אויף א פאליצע? אדער אפשר האט עס אן אנדער באדייט?)

5. באטש ווארף אים א קאץ אין די אויגן (דאס איז שוין גאר טשיקאווען וואס זשע קען באדייטן אזא מאדנער און אזא לאנגער אויסדרוק?)

געניטונג 15.

איינפאכע זאכן

לאמיר זיך א ביסל אפרוען פון שווערע אויסדרוקן און זיך ווידער נעמען צו איינפאכע ענינים. אט לאמיר זען צי מיר ווייסן אט די פשוטע רייען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. | לעבן | דאס לעבן | דער לעבעדיקער; |
| 2. | שטארבן | דער טויט | דער טויטער; |
| 3. | שלאפן | ? | דער שלאפעדיקער; |
| 4. | קראנק זיין | די קראנקייט | ? |

געניטונג 16.

און דא לאמיר איבערחזרן די פארשיידענע ענדונגען פון אדיעקטיוון אין נאמינאטיוו) (און אגב וועלן מיר זען, צי מיר ווייסן דעם באדייט פון אט די אידיאמאטישע אוידרוקן)

מענלעכער מין

א גראבער קאפ
א שארפער קאפ
א גוטער קאפ
א קופערנער שטערן
א פרישער פנים

ווייבלעכער מין

אן אפענע האנט
א פארמאכטע האנט
א גלאטע צונג

מיטלער מין

א גרויס מויל
א גוט הארץ

מערצאל

ליימענע הענט
גרויסע אויגן
פארשטאָכענע אויגן.

גענייטונג 17.

ארייַנשטעלן דעם ארטיקל אין די ווייטערדיקע שפריכווערטער:

1. זאָרג און יאָר מאכן גרוי ... האָר.

2. .... אויער מעג מען איטלעכן געבן,.... האנט דעם גוטן פריינד, .... מויל נאָר דער ווייב.

3. .... הארץ איז א האלבער נביא.

4. ..... פנים זאָגט אוים דעם סוד.

5. ..... צונג איז אָן ביינער.

6. ..... בויך האָט ניט קיין פענצטער.

7. אז מע מאכט ..... מויל נישט אויף, פליט קיין פליג ניט אריין.

8. אז ..... מאָגן איז ליידיק, איז ...... מוח אויך ליידיק.

9. ..... פיס טראָגן וואו ..... קאָפּ זאָל רוען.

10. ..... אויג דערציילט וואָס ...... הארץ מיינט.

11. אלע גלידער ווילן ריידן און ..... צונג שטעלט מען ארוים.

12. ..... קאָפּ איז דול, ..... בויך איז פול, ..... מאָגן ווייס ניט וואָס צו זאָגן.

13. זינט ...... שטארבן איז אזיפגעקומען, איז מען מיטן לעבן ניט זיכער.

14. ווען ..... מויל זאָל ניט דארפן עסן, וואָלט ...... קאָפּ געגאנגען אין גאָלד.

15. ...... נשמה קען מען ניט אויסשפּייען.

16. אז ..... באָרד ברענט איז היים אין מויל.

גענימונג 18.

מיר חזרן זיך איין די פיר ווערטער, זייער באדייט און זייער אויסלייג:

איבערשטער, אונטערשטער, פאָרדערשטער, הינטערשטער.

א מענטש האָט צוויי ליפּן: אָן .................... ליפּ

און אַן .................... ליפּ

א מענטש האָט צוויי רייען ציין:.................... ציין

און .................... ציין

די ציין פוןביידע רייען קענען זיין גלייך ביי די ליפּן (דאָס זיינען די ....................), און טיפער אין מויל

(דאָס זיינען די ....................ציין)

אין אַן אויטאָ ( א קאר), זיינען צוויי רעדער....................

און צוויי רעדער ....................

און וואָס הייסט דער איבערשטער?

גענימונג 19.

א מענטש קען זיין נאָך זיין גוף נאָך (אָדער באזונדערע גלידער קענען זיין):

פעט אָדער ?
הויך אָדער ?
ברייט אָדער ?
ביינעווּדיק אָדער ?
דין אָדער ?
גלייך אָדער ?
צעפלאָסן אָדער ?

די ענטפערס: שמאָל, שלאנק, דיק, שטייף, מאָגער, נידעריק, איינגעבויגן.

- -
-

גענימונג 20.

אונטער די גרינינקע ביימעלעך

קענט איר עס זינגען? אניט, לאָמיר עס באַטש לייענען און זען, צי עס געפעלט אייך.

אונטער די גרינינקע ביימעלעך
שפּילן זיך משהלעך, שלמהלעך;

ציצית, קאפאטקעלעך, פאהלעך -
ידלעך פריש פון די אײעלעך.

גופימלעך - שטרוי, רויך און פעדערלעך,
נעם און צעבלאז זײ אויף גלידערלעך;
כאפן זײ אויף גרינגע ווינטעלעך
און עס צעטראגן זײ פײגעלעך.

נאר אײן זאך פארמאגן זײ - אײגעלעך!
די אויגן פארמאגן צוויי פינטעלעך,
וואס גליען און פינקלען און טוקן זיך,
און עפעס ווי נביאיש און וואונדערלעך

פארטראכטן זיך טיף און פארקוקן זיך
אויף נעכטיקע טעג און אויף פײגעלעך...
אוי, מיר זאל זײן, ידישע קינדערלעך,
פאר אײערע כשרע אײגעלעך!

ח.נ. ביאליק

- -
-

-אויף וואס דארף א מענטש אויערן? האט מען געפרעגט הערשל אסטראפאליער.
-ס'היטל זאל ניט אראפפאלן איבער די אויגן, איז געווען דער ענטפער

געניטונג 21.

## ריכטיק אדער פאלש?

אויב אלץ איז ריכטיק - שטרייכט אונטער דאס ווארט ריכטיק, אויב ס'איז אין גאנצן אדער טיילוויז פאלש - שטרייכט אונטער דאס ווארט פאלש.

1. דער מאגן איז א וויכטיקער ארגאן אויף צו פארדײען שפײז. ריכטיק-פאלש
2. זומערצײט באקומען טייל מענטשן זומער-שפרענקלעך אויפן פנים. ריכטיק-פאלש
3. מע בײסט מיט די פאדערשטע צײן און מע צע-מאלט די שפײז מיט די הינטערשטע צײן. ריכטיק-פאלש
4. דער עלנבויגן איז לעבן דער פיאטע. ריכטיק-פאלש
5. די בײנער פון שארבן באשיצן דעם מארך. ריכטיק-פאלש
6. עס איז ניט אנגענעם צו האבן שופן אין קאפ. ריכטיק-פאלש
7. א מענטש האט צוויי נאזלעכער: אן אײבערשטע און אן אונטערשטע. ריכטיק-פאלש
8. אט די פרוי איז פעט און ברייט, זי האט זײער א שמאלע טאליע. ריכטיק-פאלש
9. אז מען האט ניט קײן וואנצעס, קען מען ניט צונויפדריקן די האנט אין א פויסט. ריכטיק-פאלש

10. פרויען וואָס האָבן לאנגע וויעס לאָזן זיך
ארומשערן די וויעס. ריכטיק-פאלש

11. אז מען פארדארבט זיך דעם מאָגן, דארף
מען נעמען אן אָפּפיר-מיטל. ריכטיק-פאלש

12. אז מען האָט ניט קיין פינגער, קען מען
קיין פייג ניט מאכן. ריכטיק-פאלש

13. דער גומען, די ציין און דער מאָגן גע-
פינען זיך אין מויל. ריכטיק-פאלש

14. זיך ביסן די נעגל איז אַ מיאוסע גע-
וואוינהייט. ריכטיק-פאלש

15. אז מען האָט א חן-גריבעלע, קען מען
ניט האָבן קיין רויטע האָר. ריכטיק-פאלש

16. די ריפּן, די אויגן-לעפלעך און די
געדערים זיינען אינעווייניקסטע אָרגאנען
פון מענטשלעכן קערפּער. ריכטיק-פאלש

17. Stomach קומט אויס איבערצוזעצן
א מאָל מיטן וואָרט „בויך" און א מאָל
מיטן וואָרט „מאָגן". ריכטיק-פאלש

18. יונגעלייט ווילן זיין גלייך און שלאנק,
פונקט ווי זיי ווילן וואָס גיכער קריגן
א פליך. ריכטיק-פאלש

19. ער איז דער פאָדערשטער, איך בין דער
הינטערשטער. איך זע זיין רוקן און
זיין נאקן. ריכטיק-פאלש

20. „וואַרפן א קאץ אין די אויגן" הייסט זיך
איבערבעטן. ריכטיק-פאלש

21. „ער האָט גרויסע אויגן" זאָגט מען וועגן
איינעם וואָס וויל אלץ. ריכטיק-פאלש

22. „אן אייזערנער קאָפּ" זאָגט מען וועגן א
מענטשן וואָס איז זייער טעמפּ. ריכטיק-פאלש

23. „אויסקוקן די אויגן" הייסט אומגע-
דולדיק וואַרטן. ריכטיק-פאלש

24. צו דער לעקציע איז געקומען א גרויסער
עולם, דער זאל איז געווען געפּאקט, מען
איז געשטאנען אויג אויף אויג. ריכטיק-פאלש

25. אז עס פאלט אריין א שטויבעלע אין אויג
זאָגט מען - „ער האָט פארשטאָכענע אויגן". ריכטיק-פאלש

26. אויף גרויסע, געזונטע, פלינקע, גע-
שיקטע הענט זאָגט מען „ליימענע הענט". ריכטיק-פאלש

27. „עס צעגייט אין מויל" באַדייט: עס איז
זייער געשמאק, עס איז ניט נייטיק זיך
אָנצושטרענגען ביים עסן. ריכטיק-פאלש

28. „פארשטאָפּן די אויערן" הייסט ניט הערן,
ניט וועלן הערן. ריכטיק-פאלש

29. „פארשטאָפּן דעם האלדז" הייסט געבן עסן
אָדער סתם עפּעס געבן, מע זאָל צו רו לאָזן. ריכטיק-פאלש

30. „האָבן א קאָפּ אויף די פּלייצעס" הייסט -
זיין באטראכט, זיין קלוג, זיין פעאיק. ריכטיק-פאלש

31. „א קופּערנער שטערן" און „פארשטאָכענע
אויגן" זיינען אויסדרוקן-סינאָנימען. ריכטיק-פאלש

32. „פארשטאָפּן דאָס מויל" און „פארשטאָפּן
דעם האלדז" זיינען אויסדרוקן-סינאָנימען. ריכטיק-פאלש

33. „פארקרימען די נאָז" און „קנייטשן דעם
שטערן" זיינען אויסדרוקן-סינאָנימען. ריכטיק-פאלש

## די טײלן פון אונדזער גוף

### 1. א ײדיש־ענגליש װערטערביכל

| | |
|---|---|
| אױג, דאָס | Eye |
| אױגן־לעפּלעך | Eyelids |
| אױער, דאָס | Ear |
| אָטעם, דער | Breath |
| אָרגאַן, דער | Organ |
| אָרעם, דער | Arm |
| באַק, די | Cheek |
| באָרד, די | Beard |
| בױך, דער | Stomach |
| בײן, דער | Bone |
| בלוט, דאָס | Blood |
| ברוסט, די | Chest |
| ברעם, די | Eyebrow |
| גומען, דער | Palate |
| גוף, דער | Body |
| געדערים | Bowels |
| האַלדז, דער | Throat |
| האַנט, די | Hand |
| האַנטפּלאַך, די | Palm |
| האָר, דאָס | Hair |
| האַרץ, דאָס | Heart |
| הױט, די | Skin |
| היפּטן | Hips |
| װאָנצעס | Moustache |
| װיעס | Eyelashes |
| זױל, די | Sole |
| זומער־שפּרענקלעך | Freckles |
| חושים | Senses |
| חן־גריבל, דאָס | Dimple |
| טאַליע, די | Waist |
| לונגען | Lungs |
| ליפּן | Lips |
| לעבער, די | Liver |
| מאָגן, דער | Stomach |
| מאַרך, דער | Brain, marrow |
| מוח, דער | Brain, Brains |
| מױל, דאָס | Mouth |
| מוסקל, דער | Muscle |
| נאָגל, דער | Nail |
| נאָז, די | Nose |
| נאָזלעכער | Nostrils |
| נאַקן, דער | Neck |
| נירן | Kidney |
| נערװ, דער | Nerve |
| סקעלעט, דער | Skeleton |
| עלנבױגן, דער | Elbow |
| פּולס, דער | Pulse |
| פּיאַטע, די | Heel |
| פּלײצע, די | Shoulder |
| פױסט, די | Fist |
| פוס, דער | Foot, leg |
| פינגער, דער | Finger |
| פלײש, דאָס | Flesh |
| צאָן, דער | Tooth |
| צונג, די | Tongue |
| קאָפּ, דער | Head |
| קאָפּהױט, די | Scalp |
| קין, דער | Chin |
| קינבײן, דער | Jaw |
| קני, דער | Knee |
| קנײטש, דער | Wrinkle |
| קנעכל, דאָס | Ankle |
| קערפּער, דער | Body |
| ריפּן | Ribs |
| רוקן, דער | Back |
| רוקנבײן, דער | Backbone |
| שאַרבן, דער | Skull |
| שװאַרצאַפּל, דער | Pupils (of eye) |
| שופּן | Dandruff |
| שטערן, דער | Forehead |
| שלײפן | Temples |

## 2) אַן ענגליש־ייִדיש ווערטערביכל

| | |
|---|---|
| Ankle | דאָס קנעכל |
| Arm | דער אָרעם |
| Back | דער רוקן |
| Backbone | דער רוקנביין |
| Beard | די באָרד |
| Blood | דאָס בלוט |
| Body | דער גוף, קערפּער |
| Bone | דער ביין |
| Bowels | די געדערים |
| Brain | דער מאַרך, מוח |
| Breath | דער אָטעם |
| Cheek | די באַק |
| Chest | די ברוסט |
| Chin | דער קין |
| Dandruff | שופּן (מערצאָל) |
| Dimple | דאָס חן־גריבל |
| Ear | דאָס אויער |
| Elbow | דער עלנבויגן |
| Eye | דאָס אויג |
| Eyebrow | די ברעם |
| Eyelashes | וויעס |
| Eyelids | אויגן־לעפּלעך |
| Finger | דער פינגער |
| Fist | די פויסט |
| Flesh | דאָס פלייש |
| Foot | דער פוס |
| Forehead | דער שטערן |
| Freckles | זומער־שפּרענקלעך |
| Hair | דאָס האָר (געוויינלעך אין מערצאָל ־די האָר) |
| Hand | די האַנט |
| Head | דער קאָפּ |
| Heart | דאָס האַרץ |
| Heel | די פּיאַטע |
| Hips | היפּטן |
| Jaw | דער קינביין |
| Kidney | נירן |
| Knee | דער קני |
| Leg | דער פוס |
| Lips | ליפּן |
| Liver | די לעבער |
| Lungs | לונגען |
| Moustache | וואָנצעס |
| Mouth | דאָס מויל |
| Muscle | דער מוסקל |
| Nail | דער נאָגל |
| Neck | דער נאַקן |
| Nerve | דער נערוו |
| Nose | די נאָז |
| Nostrils | נאָזלעכער |
| Organ | דער אָרגאַן |
| Palate | דער גומען |
| Palm | די האַנטפּלאַך |
| Pulse | דער פּולס |
| Pupils (of the eyes) | שוואַרצאַפּל |
| Ribs | ריפּן |
| Scalp | די קאָפּהויט |
| Senses | חושים |
| Shoulder | די פּלייצע |
| Skeleton | דער סקעלעט |
| Skin | די הויט |
| Skull | דער שאַרבן |
| Sole | די זויל |
| Stomach | דער מאָגן, דער בויך |
| Temples | שלייפן |
| Throat | דער האַלדז |
| Tongue | די צונג |
| Tooth | דער צאָן |
| Waist | די טאַליע |
| Wrinkle | דער קנייטש. |

## פאראַן אין יידיש און ענגליש א סך ווערטער וואָס זיינען קרובים

### געניטונג 1.

דאָ האָבן מיר פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס" א שמועס גלייך ביים ערשטן אריינפאָר אין ניו־יאָרק:

–אָט דאָ באַלד נאָך אין סטיישן, סטאָפּן מיר! רופט זיך אָן יונה דער בעקער שוין אויף אמעריקאַנער לשון. מיר פאַרשטייען ניט וואָס הייסט „סטיישן" און וואָס הייט „סטאָפּן". פאַרטייטשט ער אונדז, אז סטיישן הייסט א סטאַנציע און סטאָפּן מיינט מען אָפּ־שטעלן זיך, ארויסקריכן.

–„מחותן, פון ווען אָן האָט איר עס אָנגעהויבן רײדן אויפן היגן לשון?" פרעגט אים די מאמע און ריוועלע די בעקערין ענטפערט פאר איר מאן:

–„איך בין אייך ערב, מחותנתטע, אז אין א וואָך ארום וועט איר אויך אָנהייבן רײדן אויפן היגן לשון. וואָרעם אז איר וועט ארויסקומען אין סטריט און פרעגן: „וואו איז דאָ דער קצב?" וועט איר מעגן קצבן פון היינט ביז איבערמאָרגן, וועט אייך קיינער ניט ענטפערן."

פרעגט זי די מאמע: „ווי אזוי זשע דען זאָל איך זאָגן?"

ענטפערט שוין פעסע די גראָבע: „איר'ט מוזן זאָגן „דער בוטשער"."

–„אזוי לאַנג קרענקען זיי! מישט זיך אריין מיין שוועגערין ברכה, זיי זאָלן אפילו אויפלויפן, וועל איך זיי זאָגן קצב, קצב, און קצב..."

– –
–

1. וואָסערע ווערטער זיינען דאָ אריינגענומען פון ענגליש? ווי זאָגט מען אויף יידיש, אויפן יידישן יידיש, אנשטאָט די ווערטער וואָס מען האָט אריינגענומען פון ענגליש:

באַי, מעטשעס, ווינדע, טשער, סטריט, קערעדזשעס, קיטשן, רומקע, בעדרום, דעליווערט, קאָסטאָמערס, פּייפּערס, טאָפּ־פלאָר, טריין, זיך פּייטן, וואַקן, דישעס, סאָפער, ספּיקער, סטיידזש.

2. פאר וואָס האָט מען די אלע ווערטער אָנגעהויבן צו נוצן? האָט מען דורכן אריינגעמען אזעלכע ווערטער געקענט זיך אויסלערנען ענגליש? ברענגט מען ריכטיק ארויס די ענגלישע ווערטער ווען מע באנוצט זיי ריידנדיק יידיש? פאר וואָס איז דער אימיגראַנט געווען אזוי שטאַרק געפאַלן ביי זיך? פאר וואָס פלעגן די ניי־געקומענע נאָכמאַכן די פריער געקומענע? וואָסער שאָדן האָט עס געבראַכט אונדזער יידיש? ווערט מען אן אמעריקאַנער דורך דעם וואָס מען נעמט אריין אין יידיש א פאר הונדערט צעקאַלעטשעטע ענגלישע ווערטער? איז עס א סימן פון ווערן קולטורעלער אָט דאָס אריינ־נעמען אזעלכע ווערטער אין יידיש?

געניטונג 2.

אויף ייִדיש הייסט עס: פּראָפעסאָר, פּאָעט, מאָמענט, ארעסט, ארטיקל,
בראָנז, ברילִיאַנט, אדרעס, גאז,
זשורנאַל, טעלעגראַם, טעאַטער,
טעמפּל, מוזיק, דעליקאַט, אדרעס.

אויף ענגליש קלינגען די ווערטער כּמעט אַזוי ווי אויף ייִדיש, און אויב מע רעדט אַרויס אַ טייל ווערטער אַנדערש, איז פאַראַן אַ ג עווויסע מיטשטימונג צווישן די ייִדישע און ענגלישע אותיות: גאז, מוזיק, דעליקאַט און אַנדערע.

האָט מען די ווערטער גענומען פון ענגליש? ניין! ייִדיש האָט זיי ניט גענומען פון ענגליש און ענגליש האָט זיי ניט גענומען פון ייִדיש.

די ענלעכקייט קומט פון דעם וואָס דאָס זיינען ווערטער וואָס זיינען פאַראַן אין אַ סך שפּראַכן, אין אַ סך קולטור-שפּראַכן. דאָס זיינען ווערטער-אינטערנאַציאָנאַליזמען. יעדער קולטורשפּראַך האָט טויזנטער אינטערנאַציאָנאַליזמען. אינטערנאַציאָנאַליזמען מעג מען נוצן וויפל זיי זיינען נייטיק. זיי קענען אַ מאָל מאַכן שווער דעם סטיל, אָבער זיי זיינען ניט קיין חטא קעגן ריינקייט פון דער שפּראַך.

מע קען ניט זאָגן אַז אַט די אינטערנאַציאָנאַליזמען אין פאַרשיידענע שפּראַכן זיינען קרובים צווישן זיך. מע קען גיכער געבן אַן אַנדער בילד: דאָס האָבן פאַרשיידענע שפּראַכן גענומען ווערטער פון איין שותּפותדיקן קוואַל. דאָס איז ניט פּריוואַט-אייגנטום פון איין שפּראַך אַזוי צו זאָגן, נאָר קאָלעקטיווער פאַרמעגן פון די קולטורשפּראַכן. מער ניט יעדער שפּראַך פּאַסט צו די אינטער-נאַציאָנאַליזמען צו אירע קלאַנגען און צו אירע פאָרמען.

- -
-

שרייבט דאָ צו די ייִדישע פאָרעם פון די אינטערנאַציאָנאַליזמען:

| | |
|---|---|
| advocate | journal |
| agent | chocolate |
| appetite | climate |
| arithmetic | compass |
| article | crocodile |
| brigade | cylinder |
| brilliant | elegant |
| bronze | form |
| canal | interest |
| captain | invalid |

גענ׳טונג 3.

ניט וועגן ווערטער וואָס מען האָט אַן שום שכלדיקן טעם איבערגע-
נומען, ניט וועגן ווערטער אינטערנאַציאָנאַליזמען קען מען זאָגן
אַז זיי זיינען אין ייִדיש און אין ענגליש קרובים צווישן זיך.
וועגן וועלכע זשע?

ענגליש איז אַ גערמאַנישע שפּראַך. דער יסוד פון ענגלישן
שפּראַכבוי און גאָר אַ גרויסער טייל ווערטער פון ענגליש זיינען
גערמאַניש. ייִדיש האָט זיך אַנגעהויבן אַנטוויקלען פון מיטל-
דייטש, דער אַמאָליקן דייטש (זעט דאָס געמעל). ייִדיש האָט חוץ
דעם גערמאַנישן עלעמענט נאָך אַנדערע עלעמענטן: אַ העברעיִשן
און אַ סלאַווישן. אָבער די ייִדישע ווערטער פון גערמאַנישן אָפּ-
שטאַם זיינען אַזוי צו זאָגן קרובים מיט די געהעריקע ענגלישע
ווערטער פון גערמאַנישן אָפּשטאַם. דעריבער איז פאַראַן אַן
ענלעכקייט צווישן זיי, ווי צווישן קרובים. די ענלעכקייט איז
ניט אַלע מאָל גלייך קאַנטיק. עס זיינען למשל גאָר ענלעך צו
די ענגלישע אַזעלכע ייִדישע ווערטער ווי: פיש, פינגער, נעסט,
רינג, ליפּ, עס זיינען ווייניקער ענלעך: עפּל, קופּער, וואָלף,
בוזעם, נאָז און עס זיינען כמעט ניט ענלעך אויפן ערשטן קוק
אַזעלכע ווערטער ווי נאַכט און night, טאָג און day, באַרשט
און brush, ברעכן און break, האָניק און honey.
אָבער קרובים זיינען זיי אַלע, די ייִדישע ווערטער מיט די גע-
העריקע ענגלישע. זיי שטאַמען פון דעם זעלביקן אַלטן גערמאַנישן
וואָרט.




פון דעם געמעל איז קלאָר, אַז ייִדיש האָט איצט אַ סך ווערטער
וואָס זיינען ענלעך צו ענגליש, נאָך ענלעכער זיינען אַ סך ייִדישע
ווערטער צו איצטיקע דייטשישע ווערטער.

- -

1. שרייבט צו צו די ייִדישע ווערטער די ענגלישע און באַ-
טראַכט די ענלעכקייט צווישן זיי.

| | | |
|---|---|---|
| זופּ | ענד | זינג(ען) |
| פיש | פען | פאַל(ן) |
| אָקס | פול | זינק(ען) |
| הערינג | האָרן | פיל(ן) |
| פאָלק | ביר | (אָנ)פיל(ן) |

פראסט      בעסט(ער)      קארפ

ביטער      פומפ

.2 שרייבט צו צו די ענגלישע ווערטער די יידישע און באטראכט די ענלעכקייט צווישן זיי:

| | | |
|---|---|---|
| wax | bind | summer |
| wash | blind | apple |
| wolf | tiger | copper |
| worm | fine | land |
| will | file | hammer |
| mild | ice | hang |
| wild | sun | |

## גענײטונג 4.

אלץ בײט זיך אויף דער וועלט. בײטן זיך אויך די קלאַנגען פון די ווערטער. די שפּראַך־וויסנשאַפט שטודירט די איבערבייטן פון די קלאַנגען און געפינט אויס געזעצן פון קלאַנגענבײט. אזוי ווי דער קלאַנגענבײט איז ניט שייך בלויז צו פּאַראײנצלטע ווערטער נאָר צו גרויסע גרופּעס ווערטער, באַקומען זיך גאַנצע רייען פון ווערטער־קרובים וואָס שיידן זיך אונטער מיט א קלאַנג. מיר וועלן פריער באַטראַכטן די אונטערשיידן צווישן קאָנסאָנאַנטן.

מע קען באַמערקן, אז דאָרטן וואו מיר האָבן אין יידישע ווערטער א „ט", האָבן מיר אין ענגלישע ווערטער א d. מע קען עס זאָגן אויך פאַרקערט: דאָרטן וואו מיר האָבן אין ענגלישע ווערטער א d, האָבן מיר אין יידישע ווערטער א „ט". מע קען עס דרייען ווי מען וויל, וויל דירעקט האָט דאָס ענגלישע וואָרט זיך ניט גענומען פון יידיש און דאָס יידישע וואָרט האָט זיך ניט גענומען פון ענגליש. זיי האָבן אָבער א שותפותדיקן עלטער־זיידן.

הכלל, וואו מיר האָבן אין יידיש א „ט" האָבן מיר אָפט אין ענגליש א d.

### א. סוף וואָרט

.1 באטראכט די פארלעך:

| | | | |
|---|---|---|---|
| old | אלט | hand | האנט |
| bread | ברויט | wind | ווינט |
| hound | הונט | ride | רייטן |
| | | side | זייט |

איר זעט אז דאָ זײנען צום טײל פֿאראן נאָך אנדערע אונטערשײדן, אָבער אומעטום האָבן מיר אַ מיטשטימונג צווישן סוף d אין ענגליש און סוף „ט" אין ייִדיש.

2. שטעלט צו דאָס ייִדישע וואָרט:

| | | |
|---|---|---|
| bed | red | dead |
| god | cold | word |
| hard | old | |
| card | hold | |
| bread | good | |
| blood | wide | |
| broad | wind | |

ב) <u>מיטן וואָרט</u>

1. שטעלט צו דאָס ייִדישע וואָרט:

| | | |
|---|---|---|
| garden | saddle | girdle |
| seldom | middle | bundle |
| under | ladder | |

2. באַטראַכט די אונטערשײדן.

ג) <u>אָנהײב וואָרט</u>

באַטראַכט די פּאָר לעד און װײזט אָן אויף אַלע אונטערשײדן צווישן די ווערטער די קרובים:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| door | טיר | dale | טאָל | devil | טײוול |
| dear | טײער | drive | טרײב(ן) | dry | טרוק(ן) |
| dew | טוי | dove | טויב | dough | טײג |
| dream | טרוים | drink | טרינק(ען) | dead | טויט |
| deaf | טויב | drop | טראָפּ(ן) | dozen | טוץ |

<u>געניטונג 5</u>.

1. מיר האָבן דאָ סוף וואָרט און מיטן וואָרט th. וואָסער קלאַנג האָבן דאָ די ווערטער אין ייִדיש?

| | | |
|---|---|---|
| bath | earth | feather |
| smith | brother | leather |
| cloth | other אנדער | |

2. שטעלט צו די ייִדישע ווערטער:

| | | |
|---|---|---|
| thank | thin | the |
| thine | thirst דאָרשט | then |
| thou | thunder | thick |
| three | thorn | |

3. אין וואָס באַשטײט דאָ די מיטשטימונג?

4. וואסער מיטשטימונג איז פאראן אין אזעלכע פארלעך:

| | | | |
|---|---|---|---|
| מוטער | mother | פאטער | father |

געניטונג 6.

אָפט טרעפן מיר אזא מיטשטימונג צווישן די ווערטער וואָס זײַנען קרובים: דאָרטן וואו ענגליש האָט טוף וואָרט א t, האָט יידיש א „ס".

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| עס | it | גרים(ן) | | גרויס | |
| עס(ן) | eat | שוויס | sweat | בײס(ל) | leit |
| אויס | out | נוס | | שיס(ן) | |
| פוס | | וויס | | פארגעס(ן) | |
| | | בײס(ן) | | האס(ן) | |

און אין מיטן וואָרט:

better kettle water

געניטונג 7.

א. אָבער ווי איז עס מיטן t אָנהײב וואָרט?

| | | | |
|---|---|---|---|
| צוואנג | tongs | tin | ten |
| | | tooth | to |
| | | tongue | two |

באמערקונג: עס זײַנען אויך קרובים ציל(ן) און tell כאָטש דער באַדײַט איז אַן אַנדערער. פאראַן א היפשע גרופּע אזעלכע קרובים וואָס האָבן זיך צעקריגט און פאַרשטײַען מער נישט אײנער דעם אַנדערן: קלײַן clean, זאט - sad און נאָך אַנדערע.

ב. און דאָ האָבן מיר t טוף וואָרט און אין די יידישע ווערטער א „צ"!

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| קאץ | זאלץ | | ווײץ | wheat |
| נעץ | מאלץ | | זעצ(ן) | set |
| וויץ | פלאנץ | plant | ראץ | rat |
| הארץ | היץ | | זיצ(ן) | sit |

באמערקונג: פאַרגלײַכן דרײַ<u>צן</u>, פערצן אאז"וו מיט רער געהעריקער ענדונג teen; פאַרגלײַכן פער<u>ציק</u>, פופ<u>ציק</u> אאז"וו מיט דער געהעריקער ענדונג ty.

צן = teen        ציק = ty

- -
-

ṭ אָנהייב וואָרט שטימט מיט צ אָנהייב וואָרט;
t סוף וואָרט שטימט מיט ס אָדער צ סוף וואָרט.

## געניטונג 8.

א. דאָרטן וואו עס איז אויף ענגליש אָנהייב וואָרט sp און st איז אויף יידיש שפּ און שט.

1. שטעלט צו דאָס געהעריקע יידישע וואָרט:

| | | |
|---|---|---|
| stone | spin | storm |
| still | spring | stream |
| steel | spindle | star |
| state | spare | stick |
| stool | spit | straw |

2. קוקט זיך צו צום פּאָרל און פאַרגלייכט די אונטערשיידן:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| split | שפּאַלטן | stamp | שטאַמפּ | stammer | שטאַמלען |
| spool | שפּול(קע) | starve | שטאַרבן | stuff | שטאָף |
| | | stool | שטול | strike | שטרייכן |
| | | spew | שפּייען | stiff | שטייף |
| | | spread | שפּרייטן | stable | שטאַל |

3. קוקט זיך צו און מאַכט אַן אויספיר וועגן די מיט־שטימונגען צווישן ענגלישע און יידישע וועטער קרובים.

| | | | |
|---|---|---|---|
| sleep | שלאָפן | smear | שמירן |
| slay | (שלאָגן) | smelt | שמעלצן |
| snow | שניי | swear | שווערן |
| snout | שנויץ | swim | שווימען |

## געניטונג 9.

דאָ האָט איר א גרופּע יידישע ווערטער, אויסגעשטעלט אין סדר פון אלף־בית; סאָרטירט זיי אין צוויי גרופּעס: 1) ווערטער וואָס האָבן קרובים אין ענגליש; 2) ווערטער וואָס האָבן ניט קיין קרובים אין ענגליש.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אדרעס | דעמב | טאַקע | פּופּציק | שוויים |
| אמת | דרייצן | טו | פלאַנץ | שווערד |
| בּייסן | היץ | טעאַטער | צונג | שוחט |
| ברויט | זיצן | טעמפּל | קעסל | שנייען |
| גאָרטן | זיידע | סוד | קצב | שפּאַלטן |
| דעלעגאַט | | פּראָפעסאָר | ראָץ | |

<u>גענִיטונג 10.</u>

דערגאַנצט די טאַבעלע פֿון מטשטימונגען צווישן ייִדישע און ענגלישע ווערטער קרובים.

| ענגליש | ייִדיש |
| --- | --- |
| 1. d אָנהייב וואָרט | 1. ט אָנהייב וואָרט |
| 2. d סוף וואָרט | 2. |
| 3. th אָנהייב וואָרט | 3. |
| 4. t אָנהייב וואָרט | 4. |
| 5. t סוף וואָרט | 5. |
| 6. st אָנהייב וואָרט | 6. |
| 7. | 7. שפּ אָנהייב וואָרט |
| 8. w אָנהייב וואָרט wild | 8. |
| 9. teen און ty אין צאָלן | 9. |
| 10. | 10. שוו אָנהייב וואָרט |
| 11. th אין מיטן וואָרט | 11. |
| 12. sm אָנהייב וואָרט | 12. |